אחר כך הצטערתי אמנם על המעשה — כי מה, בעצם, היה איכפת לי לעלות לתורה, להתכבד ב״מפטיר״ ולקרוא את ההפטרה בהברה ספרדית ובטעמי המקרא ? . . . הן אבי היה אז קורן מעונג ושמחה. אכן, היה לי מוסר כליות על כך, אך את הנעשה אין להשיב.

באותה שבת הזמין אבא הביתה את ידידיו ל״קידוש״ וכיבד אותם מהיין הארצישראלי, יין ״כרמל מזרחי״, שהבאתי מהארץ ומעוגת הקיבוץ, שקיבלתי כצידה לדרך, שנשמרה במצב טוב למרות טלטולי הדרך. כנהוג בעיירות עם בוא אורח, ידידים וקרובים שולחים לו הביתה ״משלוח מנות״. באותה שבת ראשונה לביקורי קיבלנו לביתנו בקבוקי משקה, עוגות ותופינים למיניהם ומשלוח אחד, שכדאי לציין אותו : בני השוחט אליעזר מוהל שלחו צ׳ולנט, שהכיל מעיים וקיבה ממולאים.

מטרת ביקורי היתה להעלות את אחותה של אחת החברות מקיבוץ מרחביה. היות ועליתי בדרכון כיחיד, והיתה לי אזרחות ארצישראלית, יכולתי ע״י חתונה פיקטיבית לצרף אותה לדרכוני הבריטי ולהעלותה ארצה בלי סרטיפיקט, שהיה בימים ההם יקר מציאות. מתוך פחד מעינא בישא וממה יאמרו הבריות, סיפרתי סיפור אחר לגמרי. רבים בעיירה ידעו עלי, שאני עוסק בגידול צאן בארץ, וביקורי קשור בעסקי צאן וצמר. גם ההורים, לתומם, האמינו בסיפור הזה. עד שביום בהיר אחד גיליתי להם את הסוד. סיפרתי להם, שבימים הקרובים תבקר בביתנו בחורה והיא אינה אלא אחותה של חברת הקיבוץ שלי, שהוטל עלי לעזור לה בעלייה לא״י, ואין ביני ובינה ולא כלום. וכדי לבצע את הדבר, אצטרך לסדר חתונה לא אמיתית. הורי התקשו להבין פירושה של חתונה לא אמיתית. לטענתם ישנה משמעות אחת ויחידה : חתן וכלה, מחותנים, רב עם חופה וקידושין. רבות עמלתי עד שעלה בידי להסביר להם זאת. ורק אז נחה דעתם כאשר אמרתי, שכל זה לא יתרחש בעיירתנו אלא אצל השגריר הבריטי בוארשה.

ביקורי בבית המשיך להסב להורים נחת רוח. בערבים היו מבקרים ידידים וסתם שכנים. הורים, שהיו להם בנים בארץ, באו לשאול לשלומם, בחשבם, לתומם, שארץ-ישראל היא ״קולוניה״ והכול חיים בצוותא, ואני נפגש לפחות יום יום עם כולם. מסיפורי, שסיפרתי על א״י עשו עליהם רושם עז הדברים שמפסח ועד לפני חנוכה אין גשם יורד. שלפרות קוצרים ירק כמעט כל השנה, שתפוחי זהב זולים יותר ממצרכים אחרים, וכו׳ וכו׳.

היתה לי הרגשה, שזהו ביקורי הראשון והאחרון בעיירה ואמרתי בלבי, שכדאי להנציח את הנוף, האישים והטיפוסים השונים. היתה אתי תבת מצלמה מהמין הזול, שלקחתיה בהשאלה אצל חבר קיבוצי, שרק בקושי אפשר היה

להפיק ממנה תצלומים ראויים לשמם ועוד במזג אוויר חורפי ומבלי שיהיה לי כל ניסיון בצילום. לרוע מזלי, הייתי צריך לשכנע את האנשים, שהייתי מעוניין בהם, בכל מיני דרכים שיתנו לי לצלמם — ולא תמיד הצלחתי בדבר.

מצאתי שינויים רבים בעיירה. רחובות חדשים נסללו ועבודות ביצורים בהיקף רחב נעשו, כהגנה בפני ברית המועצות. אכן, אנשים זרים רבים, שעסקו בביצורים אלה, הסתובבו בחוצותיה.



הרשיל ״דאטינו״, שואב המיים, על רקע ביתו של יעקב הולצקר.

דער וואסער-טרעגער.

צילום א. הררי, 1938.

סילוויע באַרדיטש־גאָלדבערג

# סטאָלינער חסידות אין מלינאָוו

## ר׳ יצחק סטאַראַסטע

ווי ס׳איז באַוווּסט זענען וואָלינער יידן אין אַמאָליקע צייטן געווען חסידים, און געשטימט חסידיש, ווייל דאָס חסידות האָט באַהערשט וואָלין.

אין דעם שטעטל מלינאָוו האָבן די חסידים געהערט צו אייניקע רביים, וועלכע קומען באַזוכן דאָס שטעטל און די חסידים פלעגן פאָרן צו זייערע רביים. דער גרעסטער טייל חסידים פון מלינאָוו האָט זיך באַצויגן צום סטאָלינער־קאַרלינער צדיק, און איינער פון זיי איז געווען מיין זיידע, ר׳ יצחק סטאַראַסטע, ווי ה׳האָט אים גערופן אין מלינאָוו. א ייד א תלמיד-חכם מיט אַן הדרת פנים, א ייד א יודע-נגן, פון די חשובע בעלי בתים אין פאַריקן יאָרהונדערט אין מלינאָוו, וועלכן מ׳האָט געקענט און געערט אויך אין דער סביבה.



ר׳ יצחק סטאַראַסטע.

ר׳ יצחק איז געווען א שטארק הייסער סטאלינער חסיד. אפילו ווען ער איז שוין געווען א פאטער פון 6 קינדער, פלעגט ער פארן צום רבין אין סטאלין אויף יומטובים, איבערלאזענדיק זיין פאמיליע אליין. צוריקקערענדיק זיך פון רבין פלעגט ר׳ יצחק דערציילן א לאנגע צייט מעשיות און נסים פון רבין און פון זיינע באגעגנישן מיט אים, זיינע טישן-פראווען און בכלל פון זיין ווײלן אין רבינס הויף. חסידים האבן אויסגעהערט און נאכגעטאן ר׳ יצחקן און אויך געפארן צום רבין טרינקען פון ריכטיקן קוואל.

מיט נאך א מעלה איז געבענשט געווארן ר׳ יצחק: מיט א ווונדער שטימע און געפיל אין דאווענען; דער עולם האט ליב געהאט זיין דאווענען פארן עמוד און פון לוצק און מיזאטש פלעגט מען אים איינלאדן דאווענען ימים נוראים אלס שליח-ציבור. ר׳ יצחק האט מיט אלע כוחות און געפילן אויסגעבעטן אין זיינע תפילות פארן קהל און אויסגעזונגען די ניגונים פון רבי אהרעלע קארלינער און זיין זון ז״ל.

אזוי האט ר׳ יצחק געלעבט אין זיין מלינאוו רוהיק און חסידיש און זיך באגענוגנט מיט וואס גאט האט אים געבענטש.

ווען ר׳ יצחק האט אויסגעגעבן זיין עלטסטע טאכטער בתיה, האט ער גענומען דעם איידעם יחיאל צו זיך אין שטוב אויף קעסט און אריינגעפירט אין סטאלינער שטיבל און שפעטער אויך גענומען מיט זיך אין סטאלין צום רבין אויף יומטוב.

ר׳ יחיאל איז שטארק באגייסטערט געווארן פון סטאלינער רבין און געווארן זיינער א הייסער חסיד אויף זיינע אלע יארן.

## ר׳ אהרלע קארלינערס יארצייט אין מלינאוו

מלינאוו האט זוכה געווען, אז אויף זיין בית-הקברות זאלן רוען די ביינער פון צדיק ר׳ אהרון, דער באוווסטער מיטן נאמען ר׳ אהר׳לע פון קארלין, דער אייניקל פון ר׳ אהרון דער גרויסער, וועלכער איז געווען פון די תלמידים פון מגיד ר׳ דוב-בער פון מעזשריטש און ראוונע. אויפן קבר איז אויפגעשטעלט געווארן אן אוהל — א ״ציון״, צו וועלכן עס האבן זיך געצויגן אלע יארן, ביז דער נאצישער פארניכטונג, טויזנטער חסידים מתפלל צו זיין און זיך מתיחד זיין מיטן זכר פון זייער צדיק. לאנגע יארן האבן אכטונג געגעבן אויפן ״נר-תמיד״ אין דעם אוהל די אלטע חסידים ר׳ אברהם הולצעס און ר׳ יצחק לייב.

פון מיין זיידן ר׳ יצחק האב איך געהערט וואס זקנים, צדיקים, דערציילן וועגן דער פטירה:

איינמאל, נאך שבועות איז דער צדיק אנגעקומען קיין מלינאוו, און, ווי זיין שטייגער, איינגעשטאנען ביי ר׳ חיים לעמלס. דער רבי האט זיך פארהאלטן לערך א וואך-צייט אין שטעטל, אויפגענומען די חסידים, וואס זיינען געקומען אים אפגעבן ״שלום״ און זוכה זיין צו זיין ברכה, אגב אפצאלן די מעמד געלד, ווי ס׳האט זיך געפירט. אין שטעטל האט זיך גערעשט און געקאכט פון די פיל חסידים וואס האבן פארנומען כמעט אלע הייזער צוליב דעם צדיקס באזוך.

ווען דער רבי האט שוין געהאלטן ביים אפפארן פון שטעטל, האט ער געהייסן שפאנען זיין קארעטע. ווי נאר ער איז ארויס פון צימער — האט זיך דער הימל פארוואלקנט. דער צדיק האט זיך צוריקגעקערט אויסרופנדיק: ״מיין הימל האט זיך פארוואלקנט, געקומען די צייט״. ער האט מתפלל געווען, אפגעזאגט ״וידוי״ און זיך געלייגט אין בעט אריין.

ס׳האט לאנג ניט געדויערט און ער איז אוועקגענומען געווארן אין פמליא של מעלה. באלד איז געווארן א רעש און דאס שטעטל איז געווארן איינגעהילט אין אבלות. ס׳זענען באלד געשיקט געווארן טעלעגראמעס צום רבינס הויף און זיין משפחה. ס׳איז געווארן איינגעארדנט א גרויסע לויה מיט א הספד מר. פיל לעגענדעס ווערן דערציילט דורך די קארלינער-סטאלינער חסידים וועגן דער דאזיקער לויה.

איך דערמאן זיך מיין באזוך אלס קינד ביי מיין זיידן ר׳ יצחק אין די טעג פון ר׳ אהר׳לעס יארצייט, וואס פאלט אויס 17 טאג פון חודש סיון. ס׳איז אנגעקומען דער יינגער רבי פון סטאלין מיט זיין פמליא, וואס זענען איינגע-שטאנען ביים זיידן אין הויז. גאנץ פרי האט מען אנגעהויבן גיין אויפן קבר פונם צדיק, מ׳האט געזאגט תהלים, געשריבן צעטלען, אין וועלכע מ׳האט אויסגעדריקט בקשות און תחנונים. צווישן זיי זיינען געווען אויך יידישע מאמעס וואס האבן א סך געוויינט און געבעטן. מענטשן קומען און מענטשן פארלאזן דאס שטעטל. האט מען זיך געזעצט דערציילן מעשיות וועגן נסים ונפלאות פון צדיק, וואס זענען מקויים געווארן. דאס גלויבן און בטחון און געווען אזוי גרויס, אז אויך ניט-יידן זענען באאיינפלוסט געווארן פונם יידישן צדיק. שמועסנדיק נעמט מען אביסל משקה און מ׳בייסט צו, נאכדעם גייט מען ווידער אין שטיבל, ביז ס׳קומט די צייט זיך צוריק לאזן אהיים. יעדער באזונדער מיט א מין זיכערקייט, אז דער זכות פונם צדיק וועט ביישטיין און די בקשות וועלן מקויים ווערן.

צי געפינט זיך נאך דער אוהל אופן צדיקס קבר? — ווער ווייסט!

יצחק למדן

## בפנים שוחקים

זקנת עד למאוד ושבת, אבא טוב,
מה העמיק בך חרישו צער נוקב, אילם!
גרוני פקעת־חנק, מילה אין בלשוני,
אך צוהלים פני, על כורחם, הה, אצהילם.

עיני ערפל־דמעה ושפתי אסירות חיוך,
כי על כן אדע: אחרי שנות ענות רבה
למעט פיוס, למעט סבר פני גורל,
יצפה בליבו האב מבנו־אורחו הבא.

סוף־סוף זכיתי... יוד־בית שנה ויותר...
עתה ספר, בני, כל פרט ופרט לחוד...
מכתביך קצרים תמיד: ,ת״ל, שלום׳ — וחסל...
עתה אזכה לשמוע הכול באריכות.

ספר נא על חייך בארץ־ישראל שם,
הטוב לך באמת ובחלקך תשמח?״
ואני מרבה למלל, אני מספר לאמור:
״טוב לי, אבא, שם, טוב לי, טוב כל־כך!״

האוכל ספר אחרת לאב עמוס־תוגה
המצפה עתה מבנו להקלה ולנחמה?
האספר על פת־חיינו הנקשה ומרה מאוד,
שלא טובלה בדבש ולא לופתה שם בחמאה?

האספר כי למזוזת־מסה רותקתי ונרצעתי
באהבה אומללה, אף נואשה מאוד?
כי כצבי כושל נאחזתי בסבך הנוף
אשר שמיו נחושת ואדמתו יקוד?

האספר על עגלת ייעוד, טעונה משא־דורות,
אשר על פי תהום תתנהל לה בכבדות ?
על מולדת אמללה, ללא חסד־אם מלטף,
החולצת לילדיה שד נכא ובדידות ?

על אגרופי מתי־מספר, קמוצים מזעם ומרי,
הדופקים על שער נעול, אטום מאז־מאז ;
על מערת־חיים קודרת, רבת פחדים ואופל —
משכן אלחימאים של חזון־מרדות נועז ?

על ים־חלום גדול שהיה למדמנה,
השורצה דגי־רקק וכל ערגת־מרחב משכלת ?
על מי־מריבה דלוחים ללא מפרש ותורן,
על סלעי־מחלוקת לניפוץ עוללי־תוחלת ?

האספר על אינמרגוע הנלווה אלי כצל
ומסרפד דרכי באשר אצא ואבוא,
על יד־אימים טמירה (אנוכי תמיד אראה !)
הקורעה מסך־הכוסף בין כל שם ופה ?

האוכל ספר הכול, לקרוע מסווה־חיוך,
להצעיק אמת אדם נבוך באמצע דרכו :
"הה, רב מדי העומס על גבו עמס בנך,
לא אוכל שאתו, אבי, ולא אעז גם לפרקו !"

מבט־אבי דבוק בי, צמא למעט אורה.
אדע : לשכר סבלו יצפה מפי אב דך,
ופני מרוסני־חיוך, שפתי אנוסות־מלל :
"שפר חלקי, אבי, טוב לי, טוב כל־כך !"

## בספינה טרופה

אבא,
הן לא תדע, הה, לא תדע
אן טולטלה ספינת־בנך טרופת־גלים.
לו ידעת...

לא שמר ים ברכתך לי אצלת,
כי שכחתי תפילת הדרך לי שיננת
ועתה —
שוברו משוטי אשר המרו פי נתיבות־ים
וכידיים סרבניות אל מול כל חוף ניענעו :
"לא זה ! לא זה !" — —
נקרעו מיפרשי אשר שוטחו
מול ארבע רוחות שמיים,
ובירכתי ספינתי טרופה אכרע
ולא אתפלל,
כי אחת היא לי ים או יבשת, —
אל זרוע־תורן שבורה השלוחה אל האין
צמודה עיני נואשת — — —

## יהלום אבוד

יהלום דמעתך הנאמנה, אבא,
אשר בלבבי שיבצת עם פרידה
לקמיע־שמירה לי בדרך,
אויה, לי, גם הוא אבד !
כי זללו גלים את כל ליבי
על יהלום דמעתך — —
ואנה יבוא, יגיע יהלומך, אבא,
ומי ממצולות־ים ידלנו ?
אין דייגים בחוף עוד. הסערה הבריחתם...
נתרוקנו שוקי ערב־שבת
ויוספים מוקירי־שבת גם הם אפסו...
ומי ממצולות־ים היהלום ידלה ?
אן יבוא ויגיע
אם בנך שמרהו לא ידע ? — —

## ללא שבת

בהיכלות חרבים
יד־חסד נעלמה פרטה על נבלי־עבר גנוזים

ולאוזני צלילים גונבו —
צלילי מנגינתך:
"שלום עליכם, מלאכי שבת, מלאכי שלום!"
אבא, אבא, מלאכי שלום לא יפקדו מעוני,
ציפורני־חול ניקרו מחלוני אישוני־הקדושה:
נרות השבת — —
ובחורי־אופל צופים הם על עולם יתום
צמא־מנוחה ולבוש־קרעים — —
כמוני יותם עולם, כמוני,
ואי מלאכי שלום כי יביאו טנאי שקט
ושי רחמים ליתום?
אי אם אשר תדליק לו נרות־שבת,
תחפוף ראשו פרוע־שערות
ושלמותיו המגואלות תחליף?
בנתיבותיו שיירות תועים נדות
ומבקשות את השבת:
איה, הה, איה, אם־החסד מאספת נודדי־ליל
למעון־המנוחה?
אי פורפוריית מלכותה כי תכס בשוליה
על מערומינו הרועדים מקור?" — —
אין מענה לנודדי־ליל ואין מאסף,
ואני לרגליהם אתנהלה,
על צווארי — זרועות עולם כורע
ו"קדישו" בפי —
על שבת נאספה — —

## ימי ולילותי

וכיצד הימים והלילות עליך, בני, יעבורו?
בדברי איגרתך אקראה
אללי, אבא, הבה לך אספרה:
ימי ולילותי —
פצעים בגופו של דורי המנוגע
הפוערים פה יורק דם בשאגה
למרפא כי אינו — —

ביריעות־דגלים אתבשם ובפרוכות חדשות
אשר לפדות ולמרפא רוקמו,
אשפי־הדור על כאבם ילחשו
ויטפו עליהם את צרי־הבאות
ואין לרפאותם — —
ובמה, אבא, יסכרו פיות־הפצעים הללו
לבלתי ישאגו ?
בנעורת־רגעים אסתמם והנעורת —
לקט האדמה וחסדה לאביונים המתהלכים עליה, —
על פני אורחות תתגולל ומאחורי כל גדר תימצא
(מפרוטות־החסד הקטנות עד אחרון דינרו המחוק :
חמדת־האישה בלילות — —)
צרורות, צרורות אאספה הנעורת הפזורה
ופיות־פצעי אסתום בם,
וחדלה שאגתם לרגע, ואחריו —
ביריקה ייפלטו הצרורות ובבוז לרפאותם הנקלה,
והיו לאפר בלהט השאגה הקמה מחדש — —



ומה, אבא, התקנה לימי ולילותי —
פצעים בגוף זה של דורי המנוגע,
הפוערים פה יורק דם בשאגה
למרפא כי אינו ? — —

## לסליחות

ואנה, אבא, לכת לי, הוי אנה ?
אי דרך לאלוהים, אי — לבית־התפילה ?
הן אתה ידעת ! — —
כף־לילה כבדה ואיומה לעיני נלחצה,
ואני "קריאת שמע" שכחתי...
אצבעות־תשרי דופקות בחלוני,
ואני יחידי ודלתי בלא מזוזה...

אבא, אבא, תן פנסך לי —
אקומה ואלך לסליחות — — —

משה איסקביץ
חיפה

# רשמים וזיכרונות

**לזכר הורי היקרים, שניספו בשואה — במלינוב**

נזכר אני בעיירתנו הקטנטונת, בתושביה ובבתי מגוריהם הדלים; כל שביל וכל גן חרותים בזכרוני, למרות היותי אז נער כמעט. נחרתו בזכרוני קלסתרי פניהם, כפי שהייתי רואה אותם בעיני דרך חלונות ביתנו, שפנו לשביל הצר "הגעסעל". הייתי מתבונן איך היו רוב יהודי העיירה משרכים רגליהם במגפיהם המגורשמים לבית המדרש, בשעות המוקדמות של בוקר סגרירי, מלא קור ושלג, מי בהליכה נחפזת שזמנו דחוק, ומי בניחותה ואפילו באדישות מסויימת. כל אחד ומבע פניו, אך רובם קודרים, עצובים, שבעקר דאגת פרנסה מחשבתם. היו גם יחידים, שהייתי מכנה אותם צדיקים או ל"ו, שסביבתם כמעט שלא עניינה אותם. אלה היו הולכים באשמורת הבוקר לעבודת הבורא בכעין חדווה. רגועים היו וכל מחשבתם נתונה היתה לעניינים של מעלה.

זכורני גם איך אותם היהודים היו ממש משתנים בהופעתם בימי שבת ומועדים, כאילו פרקו את עולם הכבד ליום זה ואווירת חג ושמחה היתה אופפת אותם. אבל, אחר "שלוש הסעודות" וההבדלה הרגשת שוב בשינוי בהם. שבוע חדש התחיל ושוב אותן הדאגות והבעיות. כיום כל זה שייך לעבר הרחוק. בא "הפתרון הסופי" והכול הושמד. אין עוד יהודים במלינוב, רק קבר אחים נשאר בבקעת המות, שבדרך למרביץ.

אזכור גם את הנוער בשנים שלפני מלחמת העולם השנייה, את ימי ילדותם ובגרותם. חברי וחברותי היקרים, שנקטלו בדמי חייהם. זוכר את התקדמותם ב"אולפנים" החינוכיים של עיירתנו, מקום שבילו את רוב זמנם, ואולי אף את כל זמנם, החל ב"חדר" של ר' נטע, ששכן במטבח, סביב התנור הכרסתני על דרגשים נמוכים מאוד. קלטנו את האלפבית לקול מריבתם היום-יומית של הרבי עם אשתו פרל, מנוחתה עדן.

זכורני גם איך בימי סתיו, כשרחובותיה של מלינוב היו מכוסים בבוץ טובעני, היינו מתרפסים על גבו של ה"באהעלפער", וכך היה מעביר אותנו דרך הבוץ במגפיו הענקיים.

ומהחדר לרבנו בן ציון ז"ל ללימוד התלמוד. לא בקלות עיכלנו את הוויכוחים

האין-סופיים בין בית-הלל ובין בית-שמאי, ולמעלליו של השור של שמעון וראובן. והרבי לא הצטיין בפינוק יתר את תלמידיו, ולא פעם הרגשנו את נחת זרועו. וכל זאת אחרי שחזרנו מלימודינו בבית-הספר הפולני, שמוריו לא הצטיינו באהדתם לתלמידים היהודים; גם היו מריבות הרבה בינינו ובין התלמידים האוקראיניים בעיקר.

אציין גם שמותיהם של מורים, שהלימודים אצלם גרמו לנו הנאה. והם מורינו מוטיל ציז׳יק ז״ל, והמורה והמחנך בן-ציון גרובר ז״ל. הראשון הצטיין בלמדו את התנ״ך; הוא היה הראשון, שהחדיר בנו את הכמיהה והאהבה לארצנו על-ידי הסברותיו המעניינות. הייתי אומר, היינו כחולמים לכל ידיעת שיצאה מפיו על עברנו הגדול בתולדותינו. זוכר אני אותו בקומתו הנמוכה, כשהסיגרייה נתונה בפיו. הוא היה מעשן, מעשן ו... משתעל.

ואחרון-אחרון, מורנו ומחנכנו בן-ציון גרובר ז״ל, בן-מרביץ, שנדד לאודיסה הרחוקה ללמוד בגמנסיה העברית הנודעת. לא רק מורה גדול היה אלא, ובעיקר, מחנך דגול לתלמידיו, שהעריצוהו ממש. זוכר אני אותו לבוש בקפידה רבה, צועד במקלו זקוף קומה וכולו מעורר כבוד.



חורף בעיירה.
ווינטער.
מצילומי א. הררי.

ואנו הנערים הגענו לבגרות. פתאום נעמדנו בפרשת הדרכים. כל אחד ואחד התחיל מחפש את דרכו בחיים, חלק פנה למלאכה, ואחרים למסחר, והיו גם שהמשיכו בלימודיהם. ואז, כרעם ביום בהיר, באה השואה ונגדע העץ על ענפיו. עיירתנו הקטנטונת קיימת, אך תושביה היהודים נטבחו ברובם. בודדים חזרו אחרי תלאות ועינויים מהיערות, מהבונקרים ומערבות רוסיה. אודים בודדים נשארנו ואין מי שינחמנו.

ואולי נחמתנו היחידה היא היא, שזכינו לתקומת מדינת ישראל.

סאניא און מענדל טייטלמאן

# מענטשן אין א שטעטל

ביי די ברעגעס פון דער איקווא און סטיר, פון דעם חלק פוילישן וואלין צווישן די שטעט קרעמעניץ, ראוונע, דובנע פון איין זייט, און לוצק, קאוועל, לודמיר פון דער צווייטער זייט, געפינען זיך די שטעטלעך, וועלכע האבן אלע געהערט צו דער מלינאווער קהלה, ווי מערוויץ, טראוויץ, אוסטראזשעץ, בערעמלי און דעמידאווקע; בראש פון זיי איז געווען מלינאוו, ביי דובנע. אויך דער קליינער טייל יידן, וועלכע האבן געוווינט אין די דערפער ארום פון די שטעטלעך האט, ווי געוויינלעך, אויך געהערט צו דער מלינאווער קהלה. די קהלה פון מלינאוו, בראש מיט איר רב פון טראוויץ, הרב אקערמן ז״ל, און פרעזעס יוסף בערגער ז״ל, וועלכער איז נפטר געווארן איידער ער האט געענדיקט זיין קאדענץ, (נאך אים האט פארנומען דעם פרעזעס-אמט, חיים-יצחק קיפערגלאז ז״ל, ביז דעם אנפאנג פון דער צווייטער וועלט-מלחמה) איז ווי באוואוסט, ביים אריינ-מארשירן פון די סאוויעטישע חיילות אין אונזער געגנד דעם 17.9.39, זיך פונאנדערגעפאלן.

איך, מענדיל טייטעלמאן בן אברהם-לייב ורבקה און מיין פרוי סאניע בת יוסף ושפרה, געבוירן אנפאנגס דעם 20-טען יאר הונדערט, אין דעם שטעטעלע מערוויץ, וועלכע איז געווען צושייט פון מלינאוו מיט א שמאל ריטשקעלע, און א שטח פון בערך א קילאמעטער נישט געפלאסטערטער שליאך. מערוויץ און מלינאוו זענען אויך געווען פונאנדערגעטיילט דורך א געפלאסטערטן שאסיי, וועלכער האט זיך געצויגן פון ראוונע קיין בערעסטעצקי, דורך דעמידאווקע, צו דער ריכטונג פון בראדי, וועלכע איז געווען ביז דער ענדע פון דער ערשטער וועלט-מלחמה אן עסטרייכישע שטאט.

## א בליק אויף מערוויץ

אין דעם קליינעם שטעטעלע מערוויץ, אין וועלכן איך בין אין חדר געגאנגען, און דערצויגן געווארן, איז נישט געווען קיין אפיציעלע געביידעס, ווי פאסט, גמינע, קירכע און ד.ג., ווייל די אלע געביידעס, האבן זיך געפונען אין דעם נאהענטן מלינאוו. דאך האט דאס געטראגן שטענדיק א כאראקטער פון א שטעטל, ווו ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה, זענען געווען 3 בתי-

מדרשים און א מרחץ מיט א מקוה, 2 שוחטים מיט א רב און אלע אנדערע כלי-קודש, ווי א חברה-קדישא, מיט א בית-הקברות. און הגם דאס שטעטל איז געווען זייער קליין (בערך 400 יידישע נפשות), איז דאך דארט געווען א מארק, אין וועלכן עס האט זיך קאנצענטרירט די הויפט קלייטן, און גלייכצייטיג פלעגן פארקומען דארטן, אלע פאר וואכן, ירידים וועלכע זענען געווען א גרויסער מקור-פרנסה, פאר א גרעסערן טייל פון דער יידישער באפעלקערונג.

די שטעטלשע יידישע באפעלקערונג האט זיך געטיילט אין צוויי טיילן חסידים — טריסקער און אליקער. צו די טריסקער חסידים האבן געהערט, מערסטנס, דער גרעסערער און דער א.ג. רייכערער טייל פון די ארטיקע יידן, און דער קלענערער טייל צו די אליקער. עס האבן אויך ניט געפעלט קיין רייבונגען, וועלכע האבן ניט איין מאל געבראכט צו ערנסטע קריגערייען און אפילו צו געשלעגן, איבער די נוסחאות פון דעם דאוונען א.ד.ג., ביז אין א שיינעם פרימארגן אין יאר 1903, איז די אלגעמיינע גרויסע שול, וועלכע האט געהאט א שם מיט איר שיינעם געבוי, דורך א שרפה פון א שכנס הויז, אויך אוועק מיטן פייער. דאס האט געבראכט דערצו, דאס די טריסקער חסידים, האבן זיך געבויט א באזונדערן קלויז, און פון דאן אן האט געגומען הערשן שלום-בית אין שטעטל, און עס האט שוין עקזיסטירט א טריסקער און א אליקער שול, ווי אויך א שולכל אויף דעם פלאץ פון דער אפגעברענטער גרויסער שיינער שול.

דער מקור פרנסה פון דער ארטיקער אידישער באפעלקערונג איז געווען פון פארשידענע קוועלעס. א טייל האבן געהאט פארשידנמעסיקע געוועלבער, ווי צ.ב.ש. אייזן, מאנופאקטור און קאלאניאל סחורות, פאר דער דארטיקער און ארומיקער דארפישער באפעלקערונג. א קליינער טייל האט געהאט מסחרים פון תבואה, בהמות, און פארשידענע אנדערע דארפישע פראדוקטן, און בערך א האלבער טייל פון דער באפעלקערונג האט געלעבט פון בוי-ארבעט וועלכע זענען נאר געווען סעזאן-ארבעטן (זומער) און א גאנץ קליינער טייל כאלופניקעס (שוסטער, שניידער), געציילטע ערד-ארבעטער. קיין שום פראפעסיאנעלע אינטעלעגענץ איז ניט געווען. דער מלינאווער מעדיצין-דאקטאר וויסלאצקי האט באדינט דער ארטיקער באפעלקערונג צוגלייך מיט דער גאנצער ארומיקער דארפישער באפעלקערונג. אין שטעטל איז נאר געווען א פעלדשער, ר׳ זייליק רופא, וועלכער, צו זיין פאך, האט נאך געמוזט זיך פארנעמען מיט פריזורעריי פאר דער ארטיקער אלגעמיינער באפעלקערונג, צו וועלכער אויך זיין טאכטער חנה, האט אים געהאלפן, בכדי דאס זאל זיין א הילף צו זיין פרנסה.

דאס גרויסע ארעמקייט, וואס עס האט געהערשט אינם גרעסערן טייל פון שטעטל, האט דאך ניט געשטערט, אז פון דארט זאל ארויסוואקסן געהויבענע יונגע-לייט, מיט א שם אין דער וועלט ווי צ.ב.ש. אהרן פירער ז״ל, סענדער שוחט׳ס זון, און זיינע ברידער, שוין מיינע חברים, שמריה, אריה און יונה. אהרן און שמריה זענען אומגעקומען פון דעניקינס פאגראמען אין מאסקווע און אין קיעוו, און די לעצטע — פון די היטלעריסטן ימ״ש. אויך איז אויסגעוואקסן מיין שוואגער בן-ציון גרובער ז״ל, ביאליקס א תלמיד, און מאירקע קובילענסקי ז״ל, קהת געכטמאן און מלך זידער, הירש-לייב מארגוליס ז״ל, און נאך אנדערע, וועלכע איך געדענק שוין ליידער ניט זייערע נעמען.

דער שולוועזן איז געשטאנען אין שטעטל אויף א זייער נידעריקן ניווא. ביז דער ערשטער וועלט מלחמה איז דער איינציקער שילער, וועלכער האט באזוכט א מיטל-שולע אין דובנע, געווען הירש-לייב מארגוליס ; אנדערע האבן געמוזט לערנען עקסטערן אין א קליינעם מאסשטאב. אבער דער הויפט לימוד און ערציאונג איז געווען א שטרענג ארטאדאקסישער, אין די חדרים ביי די ארטיקע מלמדים, און אין די ישיבות אין דער ברייטער וועלט, וועלכע אויך איך האב זיי באזוכט, מיט מיין ברודער נחמן ז״ל, און אנדערע מיינע חברים. צו קיין העכערער און וועלטליכער בילדונג און דערציאונג האבן מיר ניט דערגרייכט, און דאס איז געווען דער פארלאנג פון אונזערע עלטערן; און כאטש אין שטעטל האט געהערשט א געדיכטע ארעמקייט, האט דאך געהערשט אין גרעסטן טייל א פרייליכע שטימונג, וועלכע איז אויסגענוצט געווארן צו יעדער געלעגנהייט, למשל, בעת תנאים, חתונות, בריתן, ימים-טובים און סתם שבתים.

עס זענען אויך געווען פארשידענע וווילטעטיקע חברות, ווי צ.ב.ש. חברת-גמילת-חסדים, חברת ר׳ מאיר בעל-הנס פושקע לטובת א״י, חברת לינת-הצדק (נעכטיקן בא ארימע קראנקע), חברת הכנסת-כלה און חברת קונה-ספרים; די לעצטע פאר ספרי-קודש. דאס האט אלעס געבראכט צו א חברלעכע פארברו-דערונג, און גאנץ אפט האט מען דאס אויסגענוצט פאר א שמחת חברים.

איך וויל אויך דערמאנען די אינדוסטרי, וועלכע האט זיך געפונען אין שטעטל צו יענער צייט, און דאס איז געווען די אזוי גערופענע אלייניצעס (אייל און בוימל פאבריקאציע), געטריבן דורך דער ענערגיע פון פערד. די גרעסטע אלייניצע איז געווען ביי זייליג ווארצל ז״ל. נאך אים די ברידער תלי און גדליה העלמאן ז״ל, און יעקב ראניס ז״ל, און דער לעצטער יעקב חריץ ז״ל ; אזא אלייניצע איז אויך געווען בא פנחס מאטיס ז״ל, אבער אן הצלחה און אויף א קורצע צייט. עס איז געווען נאך א פאבריקאציע ביי משה שכנא׳ס ז״ל, א שעצקארניע און א צוכאלנע פון וואל. אויך קצבים זענען געווען אייניגע, וועלכע

האבן געמאכט זייער ארבעט אין די ארטיקע שטאלן און דאס פליש פארקויפט אין די וווינונגס הייזער. אויך זענען געווען אייניקע בעלי-עגלות, וועלכע האבן קיינמאל ניט געקענט ארויסציען זייער חיונה פון זייער ארבעט און שטענדיק נאך געמוזט זוכן צוגאב פרנסות; און די צוגאב פרנסות זענען שוין געווען פיל-פארביקע.

## אין דער ערשטער וועלט-מלחמה

אין יאר 1914, אנפאנגס דער ערשטער וועלט-מלחמה, בין איך געווען אין דער ישיבה אין באראנאוויטש, איך בין דאן נאך געווען זייער יונג, אבער דאס האט ניט געשטערט, אז איך זאל שוין זיין אזוי ווייט פון דער היים, מיט א סטאזש פון פריערדיקע 2 יאר ישיבה, אין ראוונע און אין סטאלפצי. די שיינע קינדער יארן פון דאן אין ראוונע און אין סטאלפצי וועל איך אין מיין גאנץ לעבן ניט פארגעסן, ווייל שטענדיק זענען זיי מיר פריש אין זכרון און הגם מיינע עלטערן ע"ה זענען געווען אין א גוטן מאטעריעלן מצב, די ערשטע אין שטעטל, בין איך דאך, לויט דעם באפעל פון טריסקער רבין, געגאנגען עסן "טעג" ביי די בעלי-בתים פון דער שטאט, ווי עס איז געווען איינגעפירט אין אלע יידישע ישובים צו יענער צייט.

אין די ערשטע יארן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה בין איך פארכאפט געווארן אין בארנאנאוויטש דורך די דייטשן פון קייזער ווילהעלמס ארמיי, זייענדיק דאן אין דער בארנאנאוויטשער ישיבה. די דייטשע ארמיי האט זיך פאר-פעסטיגט אינם געגנד פון בארנאנאוויטש, לענג אויס דעם ווייסרוסישן געגענד. זייער אקופאציע האט דאן באשווערט די באוועגונג פון דער ציווילער באפלקע-רונג, און צוליב זיכערהייט אוון פארזיכט פאר שפיאנאזש האט די מיליטערישע מאכט, אין הסכם מיט דער ציווילער מאכט, באשלאסן צו עוואקואירן אן אנזיכטיקן טייל פון דער באפעלקערונג אין די טיפערע געביטן, וועלכע זענען שוין פון פריער געווען אקופירט דורך זיי, ווי צ.ב.ש. פוילן. און, ווי געוויינלעך, די ערשטע שעיר-לעזאזלס זענען געווען די שוואכע און די עלענדע. אין דעם בין איך אריינגעפאלן, צוזאמען מיט מיין חבר שמחה זאטעלמאן, יעצט אין רוסלאנד. נאך א וואנדערונג פון 2 טעג, אין קאלטע פראכט וואגאנעס, זענען מיר געבראכט געווארן האלב געפרוירענע פון קעלט, דעם 1.1.1916 קיין אסטראוו-מאזאוויעצקי, בייווארשא, און אונז איינגעקווארטירט אין די פארלאזטע קאזארמעס פון דער רוסישער ארמיי אין קאמאראב ביי אוסטרוב.

די ארעמע שפייז, וועלכע מיר האבן דארט געקראגן פון דער מיליטערישע מאכט, האט געבראכט צו פארשידענע קראנקהייטן, ווי טיפוס-פאקן, א.א.וו. דער

מצב האט אזוי אנגעהאלטן בערך 6 מאנאטן, ביז אין א געוויסן פרימארגן זענען מיר, די אלע פארשיקטע, ארויסגעפירט צו דער באן, אוועקגעפירט און צוטיילט געווארן צו 15 מאן אין א גרופע, צו די פריצים פון דער סביבה, אין די הויפן.

און דער פריץ האט אונז באזארגט מיט ארבעט אין זיין גוט, און גלייכצייטיק אונז צוגעטיילט א ראציע פון זייער ארעמע שפייז צו דערנערן זיך, און עס האט זיך אנגעהויבן א נייע צייט פון הונגער-נויט און שווערער ארבעט; אבער דאך אן יאוש, אז דער באפרייאונגס טאג וועט קומען. איך און מיין חבר שמחה זאטעלמאן זענען געווען די יונגסטע פון דער חברה, און מיר האבן מיטגעמאכט די הונגער שפיל גלייך מיט די גרויסע. דאס האט זיך אזוי אוועק-געצויגן ביז 1918, ביז נאך דער רוסישער רעוואלוציע, און מיר האבן גענומען קלערן פון אומקערן זיך אהיים. אנקומענדיק אהיים קיין מערוויץ, נאך שווערע גלגולים צו יענער צייט, ווען די מאכט האט זיך געביטן יעדן מאנטיק און דאנערשטיק, זענען מיר אריינגעפאלן אין אונזער שטעטל מערוויץ, וועלכע האט נאך דער מלחמה פארמאגט אינגאנצן ערשט 3 יידישע הייזער...

## נאך דער מלחמה

מיינע עלטערן ע״ה, וועלכע האבן נאכן יאוש מיך קוים דערלעבט צו זעען, אויסער דעם וואס די מלחמה האט זיי שרעקליך רואינירט, האט נאך פאסירט, דאס מיין קלענערער ברודער נטע ז״ל, איז דערטרונקען געווארן ביים באדן זיך אין דער איקווא — און ווען זיי האבן מיך דערזעען, האבן זיי מיך שעה׳ן לאנג געדריקט צו זיך מיט טרערן אין די אויגן, אן ווערטער; די שמחה איז געווען אונבאשרייבלעך. מיין חבר שמחה זאטעלמאן, האט געטראפן אין מלינאוו זיינע 2 ברידער פסח און אפרים (יעצט אין באלטימאר, פאריינקטע-שטאטן) און אויך אייניקע פון דער משפחה, ווייל מלינאוו איז כמעט ניט געווארן געשעדיקט פון דער קריג, כמעט אלע הייזער זענען שטיין געבליבן. אזוי, אז דאס שטעטל, חוץ אלע איבערלעבענישן, פון די דאן אלע מאל געביטענע מאכטן ווי פעטליורע, העטמאן, באלשעוויקעס און פאליאקן — איז אין דעם זין פון פרנסה געווען אין א גאנץ גוטן מצב. און מען קען זאגן, אז פון יענער צייט אן איז מלינאוו געווארן דער צענטער פון די אלע ארומיקע שטעטלעך, און פון מערוויץ בפרט. מערוויץ, וועלכע איז פון דער מלחמה גענצלעך אפגעמעקט געווארן פון דער מאפע, און עס האט זיך געדארפט אנהויבן בויען פון דאס ניי, איז געווען מיט אלעס אפהייגניג פון מילנאוו. און הגם מערוויץ האט זיך דאך צוריק אויפגעבויט אין א קליינער מאס, און עס האט שוין אפילו געהאט 2 ציוניסטישע פארטייען, א לינקע און א רעכטע, און 2 בתי-מדרשים, און א רב, א שוחט,

ביז דער 2-טער וועלט-מלחמה — אבער קיין ערנסטן לעבענס-פולס פון א שטעטל, האט דאס שוין נישט מער געהאט; אלעס, אלעס איז אריבער קיין מלינאוו. הן די שולע, הן די פאסט, און שוין אפגערעט פון אפיציעלע מלוכהשע אמטן און פרנסות — אלעס אין מלינאוו. הגם אין מערוויץ זענען געווען געציילטע משפחות מיט פרנסה, אבער דער גרעסטער טייל האט געהאט זיין פרנסה און צוגעבונדענקייט קיין מלינאוו. און אויך מלינאוו אליין האט זיך אויך גענומען צום אויפבוי פון דאס-ניי אין דער צייט פון דער פוילישער נארמאלער הערשאפט, וועלכע האט זיך אנגעהויבן, אייגנטליך, ערשט אין יאר 1921.



ביז דעם דאזיקן יאר האבן קיין רדיפות און שרעק ניט געפעלט. עס האבן ניט געפעלט קיין אנפאלן פון די ארטיקע באנדעס, וועלכע האבן זיך גאנץ אפט אויסגעלאזט מיט רויב און מארד; דאס זעלבע אויך פון דער נאך ניט רעגולערער פוילישער ארמיי, וועלכע האט אלע מאל געפונען אלס איר קרבן דעם ייד, און מיינסטענס, דעם ייד פון דעם קליינעם אומבאשיצטן שטעטל. פון דעם יאר אן און ווייטער, האט זיך אנגעהויבן די אזוי גערופענע, מישטיינס געזאגט, גוטע צייט; עס האט באמת יא אריינגעשיינט אין אייניקע יידישע הייזער פון סוחרים און בעלי-מלאכות.

מיינע עלטערן ע״ה, האבן אויפגעבויט אן אלייניצע, הגם זיי זענען קיינמאל ניט געווען פאסיק צו דער דאזיקער ארבעט, ווייל זייער לעבן איז כאילו בירושה געווען פון סוחרים פון דעם גרויסן פארנעם — דאך האבן זיי פראספערירט און גענומען זיך צו איבערווארפן צו דער מאדערנער אינדוסטרי, דהיינו, א מיל מיט אן אלייניצע, געטריבן דורך ענערגיע פון א מאטאר. דאס האט אפילו יא פראספערירט אין די ערשטע צייט, אבער, ווי איך האב שוין אויבן דערמאנט, ווייל זיי זענען ניט געווען די פאסענדע מענטשן דערצו, האט דאס גאנצע געשעפט גענומען אראפנידערן. נאכדעם איז דאס געשעפט צעטיילט געווארן, און א חלק אריבערגעטראגן געווארן קיין אוסטרוזשעץ, און ביידע זענען גוט ניט אוועק... חוץ מזה וואס די אנטיסעמיטישע מאכט האט גענומען שטארק צודריקן מיט די הויכע שטייערן, פון וועלכע די גאנצע יידישע באפעלקערונג אין פוילן האט שטארק געליטן. פון די אלע ליידן האט זיך דער, דאן טרויעריק בארימטער, פינאנס-מיניסטער גראבסקי וואס ווייניק געקימערט. און ווייל די נארמאלע צייט האט אסך יידישע סוחרים אפגעשטעלט פון זייערע לייכטע ווינד-פרנסות, איז ווער עס האט נאר געהאט אפגעשפארט אביסל געלט, האט זיך געווארפן צו אינוועסטיציע, און טאקע אמייסטענס אין מילן. אזוי למשל אין מערוויץ, האט

אויך זעליג ווארצל ז״ל, מיט שותפים, געשטעלט אזא מיל. אויף מאנטין, די ברידער פישער ז״ל — אזא מיל. אין מלינאוו, יוסף געלבערג ז״ל, אויך אלס צוגאב צו דער אלייניצע, וועלכע האט גוט פראספערירט, אויך א מיל. און צום שבת מוז געזאגט ווערן, אז מיט זיינע און זיין זון גרשונס פעהיגקייטן, האבן זיי פראספערירט אויף א גאר גרויסן אופן, בעסער פון אלע אין דער גאנצער סביבה. דאס הייסט, זיי האבן געבויט פריער אן האלצערנע געביידע, אויף דעם פלאץ פון דער אלייניצע אויף א מיל, און אין א קורצע צייט אויסגעבויט א 4 שטאקיגע גרויסע שיינע געביידע, אין וועלכער זיי האבן איינגעריכטעט א גרויסע שיינע מיל, און א שיין ווינונגס הויז דערביי. און די מיל האט באמת אלץ בעסער און בעסער פראספערירט פון טאג צו טאג.

## עקאנאמישער אויפבלי און רואינירונגס פאליטיק פון דער רעגירונג

די מיל האט אויך די ערשטע גענומען געבן עלעקטרישע באלויכטונג פאר דעם שטעטל, און אויך איניגע יידן האבן געהאט אין א געוויסער מאס האנדלס פארבינדונגען מיט דער מיל. די משפחה געלבערג מיט זייער איידים שיקע גאלצעקער ז״ל, זענען געוואקסן זייער גרויס, אבער גלייכצייטיק זענען די קליינע מילן זייער און זייער אראפגעגנידערט, און אויף וויפיל דאס לעבן האט זיך גענומען מער נארמאליזירן, אלץ שווערער און שווערער זענען געווארן די פרנסות פון דער אידישער באפעלקערונג. עס זענען זיכער געוועזן אונטערשיידן פון משפחה צו משפחה, עס האט למשל די משפחה פון חיים נאקוניעצניק (חיים דאנציס) גאנץ שיין פראספערירט מיט זייער האלץ סקלאד, וועלכער האט, נאך דער רואינירענדער מלחמה, געגעבן זייער שיינע פראפיטן פון בוי מאטעריאל. עס האט אויך פראספערירט די משפחה פון נח-משה שעכמאן מיט זייער זון שמעון ז״ל, בראש, וועלכער האט, נאך זיין חתונה מיט פעסי ראניס, אליין זיך אויסגעבויט א שיינעם מויער צום ווינען, און צו זיין אלייניצע. באזונדערס וויל איך דא דערמאנען, אז ער איז אויך געוועזן אן ארטיקער געזעלשאפטלעכער עסקן, פון דער דזשוינט-באנק, שלא על מנת לקבל פרס. כדאי דא אויך צו דערמאנען, אז אזא דזשוינט-הילפס-באנק האט אויך עקזיסטירט אין מערוויץ, אונטער דער אנפירערשאפט פון ישראל ווארצל, שמאי פאריזשאק, חיים ניישטיין, און מענדל לומער, כולם ז״ל (אויך איך האב זיך באטייליקט) — און זיך צופאלן מיטן אנקומען פון די סאוויעטן. שמעון שעכמאן איז אויך געוועזן א ציוניסטישער עסקן. איך געדענק נאך ווען ער איז געקומען צו מיר מיט יודל מאטויק איינקאסירן קרן-היסוד געלט, ווייל ק.ק.ל. איז געוועזן אין מערוויץ אויך, און איך בין געוועזן דער מורשה ביז דער 2-טער וועלט-מלחמה.

אזוי האבן אויך פראספערירט אייניקע סוחרים, ווי למשל אברהם געלמאן ז״ל, (אברהם בתיהס) מיט זיין איידעם דוד ז״ל, יעקב גולצקער ז״ל, מיט זיינע קינדער, און משה גולצקער ז״ל מיט זיין סאדע פאבריק (משה יואלס), בייניש שווארץ ז״ל, חיים געלער ראבינאוויטש ז״ל מאיר קוואסגאלטער און נאך געציילטע ווי שלמה מארער, חיים גולצקער, בני-וואלאך, בני ליפה גאלפערין א.א. קיין מלינאוו האט זיך דאן ארייננגעצויגן א מעדיצין דאקטאר ד״ר פינק ז״ל פון סאנאק, און געפירט א שיין לעבן. דערצו זענען געווען א רייע קלענערע סוחרים און בעלי-מלאכות, וועלכע האבן זיך שוין געטיילט אין פארשידענע קלאסן, ווער מאטעריעל אביסל בעסער סיטואירט, און ווער שוואכער.

עס האט אבער אויך ניט געפעלט קיין ארימע שיכט וועלכע איז גאנץ אפט געשטיצט געווארן דורך הלוואות פון דער געשאפענער, אזוי גערופענער אמערי-קאנער באנק, וועלכע איז געווען אין מלינאוו, אין וועלכער מיין שוואגער נחום טייטלמאן שיחיה (היינט אין ישראל) איז געווען איר פרעזעס, און ווער פון סתם הילף פאר נויטבאדערפיקע. עס איז זאגאר געווען א געוויסע צייט-אפשניט אין וועלכע די אויטאבוסן קאמוניקאציע איז געווען אינם יידישן באזיץ (ברידער פישר) און נאר דורך דעם דראנג פון די, דאן אנגעפירטע פון פרעמדע מענטשן, פוילישע אסאדניקעס, איז זי ארויסגעריסן געווארן פון יידישע הענט, און דער איינציקער באזיצער פון דעם איז געווארן אן אסאדניק מיטן נאמען שידלאווסקי, וועלכער האט, אגב, געהאט א יידישע פרוי פון אוסטרי. ער איז באמת געווען באפריינדעט מיט דער יידישער באפעלקערונג פונם שטעטל, אבער דאס האט ניט מיט קיין סך געבעסערט די שטימונג פון די ארטיגע יידן. און ווען די אנטיסעמיטישע גזירות פון די דאן געוועזענע ענדעקישע מאכט-האבער האבן זיך געשטארקט, האט זיין צוזאמענלעבן זיך מיט יידן גאנץ ווייניג געהאלפן. און וואס ווייטער ד.ה. וואס נעענטער צום יאר 1939, ווען היטלער ימ״ש האט שוין אין די מערב לענדער פון אייראפע, ארויפגעלייגט זיין לאפע, האבן דאס געוומען פילן די יידן אין מערוויץ, ווי אויך אין מלינאוו אלץ שטארקער און שטארקער.

עס האבן ניט געפעלט קיין אנטיסעמיטישע העצעס קעגן אידן וועלכע האבן זיך שטענדיק געענדיקט פאטאל פאר דער יידישער באפעלקערונג. די לאגע פון דעם יידישן סוחר איז געווארן זייער געדריקט, פון איין זייט פון דער רעגירונג מיט איר ״אוושעם״ פאליטיק, וועלכע האט מיט דער הילף פון אירע עקזעקוטארן ארויסגעצויגן נישט נאר די רווחים פון דעם מסחר, נאר ממש די לעצטע עקזיסטענץ מעגליכקייטן, אזוי אז אין א קורצע צייט האט מען געמוזט ווערן רואינירט, און פון דער אנדערער זייט, פון דער שרעקליכער אנטיסעמי-

טישער באנעמונג מצד די קריסטן. אזוי, למשל איז מיין ברודער שיקע ז״ל געווארן רואינירט, ביז ער האט געמוזט אוועק פון מערוויץ, און אויך ביי מיין ברודער נחמן ז״ל איז אויך דער זעלבער מצב געווארן, אז א חוץ זיינע אייגענע שרעקלעכע איבערלעבונגען פון זיינעם אן אומגליק, איז ער נאך געווארן רואינירט פון דער מאכט מיט איר שטייערן-סיסטעם. אויך מיין פעטער חיים-מאיר ובניו ז״ל, זענען געווארן רואינירט געווארן דורך די שטייערן. די זעלבע לאגע האט אנגעהאלטן אין מלינאוו און אין דער גאנצער יידישער סביבה ארום. די איינציקע, וועלכע האבן נאך כלומרשט געשיינט, זענען געווען אין מערוויץ שמאי פאריזשאק, ז״ל, שלמה שערמאן ז״ל, ויבל״ח געצל און מענדל שטיינבערג, ווי אויך איך אליין, און נאך אייניקע געציילטע אין מערוויץ און אין מלינאוו, וועלכע — ווען ניט די אנקומענדיקע מלחמה 1939 — וואלטן זיי סיי-ווי רואינירט געווארן פון זייער פרנסה, דורך דעם מצב פון דער מאכט לגבי זיי אלס יידן, ווער פריער און ווער שפעטער.

די רואינירונגס פאליטיק האט אנגענומען א מאסן-כאראקטער לגבי די יידן פון גאנץ פוילן. טרויעריגע ידיעות זענען אנגעקומען פון יעדן ווינקל פון לאנד, איבעראל האט מען נאר גערעט, אז יידן ווערן ארויסגעשטויסן פון זייערע פרנסות, און מאנכעס מאל נאך מיט אכזריותדיקע קלעפ און אונטערדריקונג. און טאמער איז דאס געווען ווייניק, איז נאך צוגעקומען די גזירה פון דער פרוי פריסטאר אויף דער כשרער שחיטה. עס איז דערגאנגען דערצו, אז אין קארטוז-בערעזא, איז איינגעריכטעט געווארן א קאנצעטראציע לאגער, וועלכער איז געווען געריכטעט כמעט אויסשליסלעך פאר יידן. דאס נאכמאלפעווען איז געווען די ערשטע לערע פון דעם גרויסן שכן ימ״ש. די יידישע לאגע האט זיך קאלאסאל געערגערט פון טאג צו טאג, און די געדריקטע שטימונג איז געווארן אלץ ערגער און ערגער.

אויך די אוקראינישע באפעלקערונג, הגם זי אליין איז אויך געווען אין א געוויסער מאס אונטערדריקט פון די פוילישע מאכט-האבער — אבער אויף שלעכטס טאן יידן איז זי אויך געווען א שותף, און אויך געזעסן מיט פארלייגטע הענד, ווען די סיניאקעס פון פעטליורען זענען נאך געווען אויף אונזער לייב פון ניט לאנג. אזוי האט די פאניקע אנגעהאלטן ביז דעם טרויעריק בארימטן דאטום 1.9.1939, ווען עס האט זיך אנגעהויבן די מלחמה מיט פוילן דורך היטלערס חיילות ימ״ש. עס האבן נאך דאן די נארישע אנטיסעמיטישע פאליטיקער ניט געוואלט, אז יידן זאלן זיך באטייליקן אין זייער ווידערשטאנד קעגן דער דייטשער בעסטיע. עס האבן זיך נאך אין די לעצטע טעג פון פוילנס אונטערגאנג געהערט קלאנגען פון אנטיסעמיטן: ״נידער מיט דער יידישער הילף פאר

פוילן״, ביז ... ביז מיט דעם שנעלן גרויסן בראך פון דער פוילישער בארישער אנטיסעמיטישער פאליטיק, איז געקומען צוזאמען דער בראך אויף דער יידישער באפעלקערונג.

פוילן איז געווארן אין איינציקע טעג צעשמעטערט און אקופירט דורך די היטלעריסטישע חיילות ימ״ש, און פאר דער יידישער באפעלקערונג האט זיך ערשט פון דאס-ניי אנגעהויבן דער אמתער גיהינום, וועלכן איך בין ניט אומשטאנד אים צו באשרייבן.



ס. מ. ט.

# צייטן אין שטעטל

## אין אלטע צייטן

די אלגעמיינע צאל פון יידישע נפשות אינם שטעטל מערוויץ ביי מלינאוו, דובנער קרייז, האט זיך גערעכנט בערך פון 350 ביז 400; אנשים, נשים וטף. אין שטעט פון גרעסערע יידישע ישובים איז געווען איינגעפירט דאס די ארטיגע ציווילע מאכט פלעגט פארשרייבן געבורטן און פטירות; אנדערש איז דאס געווען אין מערוויץ. מערוויץ האט קיין זעלבסטשטענדיקע פארוואלטונג קיינמאל ניט געהאט, ד.ה. קיין יידישע קהלה ניט געהאט, און נאך דער ערשטער וועלט מלחמה איז מערוויץ צוגעבונדען געווארן צו מלינאוו. אייגנטלעך איז דאס טאקע געווען איין שטאט.

די ארדנונג פון פארשרייבן געבורטן איז געווען לפי א הסכם צווישן דובנער קאזיאנע ראבינער מארגוליס מיט סענדער שוחט, אז איין מאל אין חודש, בערך, פלעגט ער איבערגעבן די געבורטן פון די דאן געבוירענע זכרים, לויט דער דאטע פון דער פרשת-השבוע, און דער ק.ר. מארגוליס האט דאס שוין אריינגעפירט אין זיינע עווידענץ ביכער לויט דער בירגערלעכער דאטע. און פון דעם האט באקומען אן אויסצוג די מאכט, בכדי זי זאל וויסן יעדענס צייט פון מיליטער-פליכט. דאס איז, פארשטענדלעך, בנוגע זכרים. אנדערש איז געווען לגבי געבורטן פון נקבות; זיי זענען ניט געווען מיליטער-פליכטיק און דאריבער זענען זיי ניט געווען רעגיסטרירט דורך קיינעם. ווי אויך פון

פטירות פון עלטערע, שוין נישט מיליטער פליכטיקע מענטשן, איז אזא רעגיסטראציע ניט געפאדערט געווארן, אויסער ביי א צופאל פון א יונגן מענטשן.

די דאזיגע פארמען האבן אזוי אנגעהאלטן ביז 15—1914 בערך, ווייל מיט 2 צענדליק יאר פריער, בערך, זענען די פארמען, אויף וויפיל איך געדענק, נאך געווען אין גאנצן אנדערע.

ביז צו יענער צייט, איז געווען א מין פארטיילונג פון יידישע שטעטלעך, צו די גרעסערע שטעט. אזוי האט, למשל, מערוויץ געהערט קיין אליק, 25 קילאמעטער פון מערוויץ. און ווען איינער האט געדארפט ארויסנעמען א געבורטס-מעטריקע, האט ער זיך געווענדעט קיין אליק צו דער דארטיקער ציווילער מאכט. אנדערש, ווידער, איז שוין געווען נאכן יאר 1920, ווען ביי אונז האבן שוין געהערשט די פאלאקן; עס זענען שוין דאן אלע פארמאליטעטן דורכגעפירט געווארן דורך דער גמינע אין מלינאוו, מיט דער הילף פון דעם סאלטיס פון שטעטל, וועלכער האט שוין געמוזט איבערגעבן פינקטלעך פון יעדן מין, הן זכרים והן נקבות-געבורטן, און פטירות פון אלע עלטער, אן אויסנאם. און דער סאלטיס אין מערוויץ איז ביז דער 2-טער וועלט-קריג געווען מיין ברודער יעקב-יוסף ז״ל, ער האט שוין געטראגן דעם פולן אחריות על כל הנעשה אין שטעטל, אין שיכות צו דער הערשענדער מאכט, ווי צ.ב.ש. שטייערן, געבורט-שיינען, וכדומה. די ארטיקע מאכט האט אפילו געפאדערט פון אלע סאלטיסן, אז זיי זאלן טראגן אן אוניפארם (א היטל), אבער כמעט אלע, האבן די היטלען ניט געטראגן, און זיי געהאלטן בלויז צו א אפיציעלן פאראד. דער סאלטיס האט אויך געקראגן א מינימאלן געהאלט. איך געדענק נאך דעם זעלבן אמט פון יידן אין אונזער שטעטל בעת דער צארישער מאכט, פון זיי געדענק איך צוויי: נח-סטאראסטע און שלמה-קאוואל-סטאראסטע.

## נאך דער מלחמה

דער נייער דור, וועלכער איז אויפגעקומען נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה אין אונזערע שטעטלעך, האט שוין געאטעמט מיט א פארטשריטס אטעם, הן אינם אויסערלעכן אויסזיכט, הן אין זיין תוכן. דאס איז אים געקומען זייענדיק אין דער מלחמה-צייט אלס פליט אינם גרויסן צארישן רוסלאנד, אנזאפענדיק אין זיך דאן פון יענעם ארט לעבן און לופט — און דאס האט משפיע געווען אין אסך היגזיכטן אויף דעם ייד פון דעם קליינעם ארטשאפט. און אלס פליטים זענען דאך אונזערע שטעטלעך-איינוווינער געווען כמעט אלע. אומקערענדיק זיך צוריק פון דער ערשטער וועלט מלחמה, האבן די יידן ליידער דערזעען, אז פון

אונזער שטעטל מערוויץ איז ניט געבליבן קיין זכר, נאר בלויז אקאפן ליינג אויס דעם טייך איקווא, און העזערוו-אקאפן אביסל ווייטער פון טייך. אלע הייזער פונם שטעטל זענען פארנוצט געווארן דורך דעם מיליטער, אויף צו בויען שיצן-גרובן, און דאריבער איז דאס שטעטל גענצלעך אפגעמעקט געווארן פון דער מאפע.

בעת מיינע עלטערן ע"ה, האבן נאך דער מלחמה אין יאר 1918 גענומען קלערן וועגן ווידער זיך בויען, איז כאטש די מלינאווער אלגעמיינע באפעלקערונג איז שוין כמעט געווען צוריק אין זייערע היימן, ווייל זייערע הייזער זענען כמעט ווי ניט געווען רואינירט, האבן אבער וועגן בויען זיך אין מלינאוו מיינע עלטערן ניט געקלערט. עס זענען געווען אסך סיבות און אפשר די וויכטיקסטע — אזוי האט געהייסן דער רבי...

דאס איז ביי מיינע עלטערן געווען הייליק און טייער, און ער האט טאקע געהייסן צו זוכן דארט ווו מען האט פארלוירן... איז, ווי פארשטענדלעך, אז מען פרעגט ניט פארוואס. עס איז כדאי דא צו דערמאנען אויף ווי ווייט דאס גלויבן אין רבין איז דאן געווען מיט א געוויסע געשיכטע: מיינע עלטערן האבן פארגראבן א גרויסע סומע גאלד-מאנעטן פאר דעם אנטלויפן פון מערוויץ. אומקערנדיק זיך צוריק איז דאס ערשטע געווען צו זוכן דעם אוצר-המטמון און נאך אסך זוכעניש, איז ער ניט געפונען געווארן... און ווען מען האט זיך געווענדעט צום רבין, וועלכער האט דעמאלט געוווינט אין ראוונע, נאך א ברכה צו געפונען דעם אוצר, האט ער פארזיכערט און געהייסן ווייטער זוכן. און מען האט זיך אומגעקערט און באנייט דאס זוכן, און טאקע געפונען... פארשטענדלעך, אז דעם רבינס פדיון איז געווען א געזיכערטער, און אויך דער מופת האט אויסגעאיבט א דרוק אויף מיינע עלטערן זיך צוריק בויען אין דעם חרוב געווארענעם מערוויץ.

און אויב דער געוועזענער שטאט-גביר בויעט זיך צוריק אויף די חורבות, איז א סימן, אז דאס איז א גוטע זאך. האבן זיך טאקע באלד גענומען ביסלעכ-ווייז נאכטון דאס זעלבע אויך אנדערע. פון די ערשטע וועלכע האבן נאכגעבויט איז געווען מיין ברודער יעקב-יוסף ז"ל, מיט זיין נאך דאן קליינער משפחה, און דער פעטער מרדכי ז"ל מיט זיין משפחה, און נטע רייכמן ז"ל, מיט זיין משפחה. עס זענען אפילו געווען ווידערשטאנדן פון ארטיקע גוישע שכנים, שונאים, אנטיסעמיטן קעגן דעם צוריק-אויפבויען דעם יידישן ישוב, אבער דער כח פון שטארקן ווילן און גוטע הבטחות פונם רבין, האבן אלעס גובר געווען.

ביסלעכווייז האבן זיך מער און מער אמאליקע מערוויצער איינוויינער גענומען צו בויען הייזער און זיך אומקערן אין זייער אלטער היים מערוויץ. די

אלע וועלכע האבן זיך צוריק באזעצט אין מערוויץ, האבן ניט איין מאל געהאט אויסצושטיין פארשידענע צרות און שוועריקייטן. די פארשידענע נאך-מלחמה קראנקהייטן ווי צ.ב.ש. בויך און פלעק-טיפוס, וואס האט געהערשט כמעט אין אלע נאך מלחמה לענדער, האבן מערוויץ ניט אויסגעמיטן, און אויך אוועקגעריסן טייערע קרבנות, ווי ארקי צוויק, אשר שערמאן א.א. כמעט אלע זענען די קראנקהייט דורכגעגאנגען, ווער גרינגער און ווער שווערער.

מיטן בייטן זיך פון דער מאכט, וועלכע האט זיך דאן אין אונזער געגענט אלע מאל געענדערט — באלשעוויקעס, פעטליורע, און פאלאקן — האט זיך אינם יאר 1920 גענומען סטאביליזירן און ביי דער הערשענדער מאכט זענען געבליבן די פאלאקן, ביזן אנהייב פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. אויך דער געזונט און פרנסה מצב האט זיך גענומען סטאביליזירן. אזוי האבן מיינע עלטערן, למשל, געמאכט א אלייניצע וועלכע איז שפעטער פארוואנדלט געווארן אין א מאטאר-מיל, וועלכע איז לסוף אין גאנצן פארמאכט געווארן, און מיינע עלטערן האבן זיך די לעצטע פאר יאר געפונען אין א קריטישן מצב.

מען מוז זאגן, אז די געדריקטע עקאנאמישע לאגע, וועלכע האט אין מערוויץ מיט קליינע אויסנאמען געטראפן דעם גרעסטן טייל פון דער מערוויצער יידישער באפעלקערונג, איז געווען א גרויסער גורם פון פארבלייבן אין מערוויץ ביז דער פארניכטונג. ווייל מענטשן מיט אזעלכע פעאיגקייטן ווי מיין קאזין בן-ציון גרובער ע״ה, און אנדערע — ווען ניט דער אפהאלט פון ניט באזיצן די מינדעסטע מאטעריאלע מעגליכקייטן צו ארויספארן, וואלטן זיכער געווען אוועק געווארפן אלעס, און זיך ארויסגעלאזט אין דער ברייטער וועלט אריין; די פעאיגקייטן דערצו האבן זיי דאך יא פארמאגט. אזוי זענען צוריבן געווארן, ווי צווישן מיל-שטיינער, די בעסטע אין חשובסטע מענטשן.



ס. מ. ט.

## קוואל פון אונזער קיום

מיר ווילן דא געבן א קליינע איבערזיכט, אויף די מקורות פון אונזערע גייסטיקע און פיזישע כוחות. און ווי יעדן פון אונז איז באוווסט, אז ״אם אין קמח אין תורה״, וועלן מיר זיך באמיען צו באשרייבן די קוועלעס פון דער פיזישער יניקה, וואס זיי זענען געווען דער יסוד פון דער גייסטיקער.

ובכן, אין אונזערע קליינע שטעטלעך, כמעט אין אלע און אויסנאם, זענען געווען די זעלבע פארמען פון לעבן. ווי געוויינליך, זענען ניט אלע געווען אין דעם זעלבן מצב, אבער די מקורות — כמעט די זעלבע. און דאס זענען געווען האנדל און מלאכה, און א גאנץ קליינער טייל לאנדווירטשאפט. און ביי דעם לעצטן מוז איך צו געבן, אז ביי דער קליינער טייל לאנדווירטן איז די לאנדווירטשאפט ניט געווען דער עיקר מקור-חיונה, נאר א צוגאב למקור-חיונה. און צו זייער אייגנטום זענען זיי צוגעקומען אמייסטענס פון פעהיגקייטן און פלייסיגקייטן הגם זיי זענען ניט געווען קיין געבוירענע לאנדווירטן.

## מסחר

אבער די מערהייט יידן אין אונזערע שטעטלעך האבן געלעבט פון אנדערע קוועלן, דער עיקר פון מסחר. און פון די אלע פון דער מלינאווער קהלה, זענען געווען נאר געציילטע, און איך באטאן געציילטע, אויף וועלכע מען האט געקענט זאגן, דאס זיי האבן פרנסה. און אסך זענען געווען וואס פרנסה האבן זיי געהאט נישט אזוי לייכט און מיט ספקות, און אויך אזעלכע, וועלכע נאך אלע זייערע פארשווארצענישן, זענען זיי געווען דאך אן פרנסה. און אזוי ווי מיר האלטן ביים מקור פרנסה פון מסחר, ווען מיר דא אביסל אנווייזן אויף זייערע אונטערשידן און שפעטער וועלן מיר שרייבן איבער די בעלי-מלאכות און לאנדווירטן. און דער אונטערשיד פון די 3 קלאסן בעלי מסחר, איז געווען כמעט אין אלע בראנזשעס. די הויפט סיבה איז געווען די קאנקורענץ, וועלכע איז געווען אזא גרויסע, אז ביז היינטיקן טאג פארשטיי איך ניט, ווי אזוי אפילו די אזוי גערופענע שטארקערע האבן געקענט עקזיסטירן. דאס איז געווען נאר מיט דעם סוד פון פארשידענע קאמבינאציעס, ווייל מיטן גלייכן לאגישן וועג, קען איך מיר גאר ניט אויסמאלן, ווי אזוי האט די יידישע באפעלקערונג פון יענער צייט געהאט פרנסה.

אזוי למשל ביי דער תבואה בראנזשע, וועלכע איז געווען דער גרעסטער מקור חיונה אין אונזער געגנט, געדענק איך אזעלכע מסחרים פארלויפן, אז אויף דעם גלייכן וועג האט דאס געדארפט מאכן גרויסע דעפיציטן, דאס האט קיין מאל נישט געהאט א גלייכן צוגאנג. אזוי למשל האט כמעט שטענדיק דער דארטיקער תבואה סוחר, פאר סחורה וואס האט די ווערט פון 100 זלאטי למשל, געצאלט 110, א.א.וו. און פון וואנען האט ער זיך איבערגעלאזט פלאץ אויף ריווח, געדענק איך ביז היינט ניט. און כל ימיו, זענען עפעס זיינע רוחים געקומען על פי נס... און דאס אלץ פון שווערן הארעווען מיט דער גאנצער משפחה טאג און נאכט, וואס קיינער וואלט היינט צו טאג ניט געווען אומשטאנד

צו באווייזן. און נישט איינמאל פלעגן אזעלכע סוחרים זאגן, אז יעצט נאך אזא האנדלונג, איז ער שוין זיכער מיטן שכנס היזק, און דעם שכנס היזק, איז ביי אים געווען פראפיט... שוין ניט רעדנדיק, וואס צו אלע מסחרים, אן אויסנאם, איז געווען א גרויסער שותף, א אומבערחמנותדיקער שטייער שרויף.

## שווערע שטייערן און ארויסשטויסונג פאליטיק

דאס קאפיטל שטייערן, האט זיך איינגעקריצט שטארק אינם גוף און אין דער נשמה פון יידישן סוחר, אין דאס איבער אסך טעמים. דאס איז ניט געווען נאר שטייערן פון ריווח אליין, נאר אויך פון פארמעגן, פון אומזאץ, און פארשטעגדלעך אויך פונם ריווח. דער יידישער סוחר, וועלכער האט געמוזט שטיין אין קאנקורענץ פון אלערליי פאקטארן, הן פון זיינע חברים, הן פון דער אנטיסעמיטישער מאכט, וועלכע איר קאנקורענץ האט אין זיך אנטהאלטן די הויפט כוונה צו רואינירן דעם יידישן סוחר — דאס האט דערמיט געצוואונגען דעם יידישן סוחר אויך נאכלויפן דעם קאנקורענץ געיעג. אזוי ארום איז מיט דעם געיעג געווען געגוויטיקט דער יידישער סוחר צו ארבעטן שווער און ווייניק פארדינען, און דער רעגירונג געבן א מאטיוו צו נעמען מער אומזאץ שטייער, ווייל אומזאץ איז דאך דורכן ייד געמאכט געווארן, און אויב דער אומזאץ איז געווען א גרויסער, איז א סימן אז אויך די איינקונפט איז געווען א גרויסע... דארף מען הען האבן א בעסערן מאטיוו, בכדי ארויסצוציען דאס לעצטע ביסל מארך פון די יידישע ביינער?

ניט אזוי איז געווען דער קריסטלעכער סוחר, מיט אים האט מ׳זיך אינגאנצן אנדערש גערעכנט. אים האט מען געשטיצט פון דער רעגירונג, ביי זיינע קלייטן האט מען ניט געשטעלט קיין פיקעטן, נאר להיפך, געשטיצט פון אלע ריכטונגען. פון דעם אליין מאכנדיק א חשבון, קען מען שוין זעען ווי שווער עס איז געווען דער מצב פון דעם יידישן סוחר בכלל, און פון דעם סוחר פונם קליינעם שטעטל בפרט. נאר מיט נסים האט דער יידישער סוחר געקענט עקזיס־טירן צו יענער צייט, שוין אפגערעט פון די סוף 30-ער יארן, ווען די מלחמה איז שוין געווען פאר דער שוועל, און היטלעריסטישע אגענטן ימ״ש, האבן שוין פארסמט מיט זייער סם גאנץ אייראפע, און פוילן בכלל. די לאגע איז פשוט געווארן אן אן אויסוועג, די אלגעמיינע יידישע באפעלקערונג האט דאס געפילט, און בפרט דער יידישער סוחר.

אזוי איז עס געווען אין אנדערע בראנזשעס, ווי צ.ב.ש. אייזן, מאנופאקטור. די אנטיסימיטישע רעגירונג האט געעפנט דורך קריסטלעכע אנגעשטעלטע קאנצעסיעס אויף כל מיני אייזן און בלעך, און צו קאנקורענץ פרייזן, און דורך

דעם באַרויבט דעם יידישן סוחר פון זיין ברויט. די לאַגע איז דאָן געוואָרן אונערטרעגלעך, דער יידישער סוחר אין גאַנצן לאַנד, האָט דאָס געפילט. גייסטיקע און פיזישע אונטערדריקונג האָט געטראָפן דער יידישער באַפעלקערונג צו יענער צייט בכלל, און דעם יידישן סוחר בפרט.

ניט בעסער איז געווען די לאַגע פון דעם יידישן בעל-מלאכה; אויך דער יידישער בעל-מלאכה איז ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זיינע פּרנסה פּאָזיציעס. עס האָט זיך גענומען אַרויסווייזן אַלע מאָל וואָס מער קריסטלעכע פאַכמענער פון אַלע פאַכן, און אין אַלע פלעצער, אין שטאָט ווי אין דאָרף, מיט דער כוונה אַרויסצושטויסן דעם ייד פון זיין פּרנסה. געוויינלעך האָט מען דעם יידישן בעל-מלאכה נישט אַרויסגעשטויסן מיט אַזאַ שנעלן טעמפּאָ, ווי דעם יידישן סוחר, אָבער אים אויך ניט אויסגעמיטן, און אין אַלע געביטן, זיך באַמיט אים אַרויסצושטויסן.

איך וויל דערצו צוגעבן אַ צווייטע זאַך, וואָס איז געווען אַ גורם אין אַ געוויסער מאָס צו קאָנקורענץ, וואָס הגם אין איין זייט האָט דאָס יאָ געגעבן פּראָפיטן, און דאָס איז געווען דער יריד. די מלינאַוער ירידים, וועלכע האָבן געהאַט אַ שם ווייט ווייט פון מלינאַווער סביבה, און טאַקע די ערשטע יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט-קריג געגעבן יידן אַסך באַשעפטיגונג און פּרנסה, האָבן זיך לעצטנס פאַר דעם ייד אַזוי איינגעשרימפּן, אַז עס איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט שוין געקענט מאַכן ירידים אַפילו אָן יידן... קריסטלעכע סוחרים האָבן גענומען וואַקסן אַזוי ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, און דאָס אין אַלע בראַנזשעס, שוין אָפּגערעדט פון פערד און בהמות סוחרים, וועלכע זענען געוואָרן לעצטנס די מערהייט.

## גזירות

די גזירות זענען ניט פּלוצים אויסגעוואַקסן, און זיך אַ שאָט געטאָן אויף די יידישע קעפּ, נאָר זיי האָבן זיך, וואָס אמת, אָנגעהויבן נאָך אין די ערשטע יאָרן פון דעם יאָרהונדערט. זיכער מיט אַ קלענערן טעמפּאָ, און מיט איבעררייס פּעריאָדן, וועלכע האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון גאַנץ שיינע צייטן. דער אמת איז אַז ס'זענען נאָר געווען קורצע שיינע צייטן, און אין גרעסטן טייל פּינסטערע דערנידערונגען, אין פאַרשידענע פאַרבן, ווייל עס האָט נאָך ניט באַהערשט דער גאַנצער קריסטליכער באַפעלקערונג. דאָס וואָס ביי אונז איז געווען אַ געמישטע באַפעלקערונג, פון יידן, אוקראַאינער, רוסן, טשעכן, און פּאָלאַקן, און ווייל צווישן זיי אַליין האָט אויך געהערשט אַ שטאַרקער אַנטאַגאָניזם,

סאניא און מענדל טייטלמאן
חיפה

# יום־טובדיקע טעג אין שטעטל

כמעט אלע הונדערט פראצענט מענער פון אונזערע שטעטלעך פון דער מלינאווער קהלה, אזוי ווי אין די אלע אנדערע קהילות פונם גלות, פון דעם יונגסטן ביז דעם עלטסטן, זענען געווען רעליגיעז געשטימטע, און אפגעהיט די יידישע מסורת, ווער מער און ווער ווייניקער. אלע מענער, פונם שול-עלטער ביז די זיידעס, זענען געקומען דאווענען אין בית-הכנסת. דער גרעסטער טייל פלעגט קומען אויך פארנאכט צו מנחה-מעריב. און גלייכצייטיג, ווער א שיעור אין גמרא, און ווער א שיעור אין משנה, וכדומה. אנדערע געכאפט אביסל א שמועס מעניינא דיומא, מסחר, מלאכה, סתם כל מיני מקרים מקומיים. דאס איז געווען דער סידור פון א וואכנדיקן טאג, אין מלינאוו און מערוויץ, און אין אלע ארומיקע שטעטלעך. שבת און ימים-טובים, האט דער גאנג אין בית-הכנסת, און דאס גאנצע אויסזעען פון שטעטל ביז די לעצטע פאר יאר, געהאט אן אויסזיכט ווי ירושלים דלמטה, דהיינו, אין אונזער שטעטל ווי אין אלע ארומיקע שטעטלעך, כאטש וואס נאר די יידישע פאר געסלעך זענען געווען באזעצט פון יידן, אבער ארום און ארום איז געווען אגאנץ גרויסע איבערוועגענדע מערהייט גויים, האט דאך געהערשט אין די שטעטלעך א פאלקאמענע שבת-רו. מען האט נאר ווען-ניט-ווען געזעען דורכפארן א גוישע פור, אבער אינם שטעטל אלעס שטרענג געשלאסן אויף שלעסער, אלץ רוט שבתדיק. יעדער נאך זיינע מעגלעכקייטן געקליידעט בגדי-שבת, און אין די פרימארגן שעהן, ביז מיטאג, אין בית-הכנסת. אזוי איז אויך די ווייבער-שול געווען פול פון פרויען אין יענער צייט.

נאך דער תפילה אלעס ביי זיך אין דער היים שבתדיק, יומטובדיק, מיט גוטע מאכלים, און ווער נאך, לויט דעם מנהג, האט געבראכט אן ארימאן, אלס אורח צום מיטאג. דער מיטאג איז געווען מייסטינס געמאכט פון טשאלענט מיט פעטע מאכלים. מאנכעס מאל האט מען געמאכט קידוש אין שול, אדער בחברה אין א פריוואטע שטוב,און אמאל גאר א שמחה קדוש, א בר-מצוה, חתן, ברית, וכדומה. און ווען עס איז אונטערגעקומען א יום-טוב, האט זיך יעדער יום-טוב געהאט זיינע נעבן-זאכן, צ.ב.ש. **פסח**, מיט זיינע הכנות פון קאלכן, כשרן, מצות באקן, און שמאלץ און אייער פארבערייטן, און נאך אייניקע קלייניקייטן. אויך

בגדים על פי רוב זענען געמאכט געווארן אויף יום-טוב. ווי געוויינלעך, האט פסח געקענט זיין אין אונזער אלטער היים מיט איר קאלטן קלימאט, א גאנץ קאלטער און נאסער. דאגעגן, שבועות, פלעגט מען זאגן, איז נאך קיין גלייכן צו אים ניט געווען — שיין, ווארעם, ליכטיק, טרוקן, גרויסע טעג גרין ארום און ארום, און מען עסט כל מיני מאכלים, מילכדיקס און פליישיק, און טראדי-ציאנעלע בלינצעס אלס פאלקס-מאכל. בקיצור, זייער פריילעך דער יום-טוב, מער פון אלע אנדערע, און אפילו לענגערע יום-טובים.

ווי באוואוסט, אין חוץ-לארץ האט יעדער יום-טוב, אן אויסנאם געהאלטן געווארן מינימום 2 טעג. דערנאך זענען נאך א לענגערן איבער-רייס, אנגעקומען די ימים-נוראים און סוכות. איז ווי געוויינלעך ראש-השנה און יום-כפור, מיט זייער גאנצן טראסק פון סליחות, און עשרת ימי תשובה, און כפרות שלאגן, און פאסטן, אריין אין שטעטל מיט דעם ערשטן שופר-בלאז פון חודש אלול. שוין פון אנהייב חודש אלול, האט זיך געפילט אין די שטעטלעך א תשובה שטימונג.

געוויינלעך, שטרענגער האט דאס אלעס אויסגעזעען אנפאנגס יאר הונדערט, ווען מיינע עלטערן און די זיידעס ע״ה האבן נאך געלעבט. עס איז דאן באמת געווען א חרדה ואימת יום-הדין אין אונזערע שטעטלעך, און דער פארלויף האט געהאט א ברייטן פארנעם, מען וואלט געקענט דערציילן זייער אסך.

אנדערש האט עס שוין אויסגעזעען אין די דרייסיקער יארן פון דעם יאר-הונדערט, שוין מער ניט מיט אזא פחד און חרדה, אבער, נאך אין די ראמען פון רעליגיעזן סדר און טראדיציע. דאגעגן סוכות און שמחת-תורה, דא האט שוין דער גאנצער עולם, אן אונטערשיד, געפייערט ברוב עם ופאר. אויסער די טראדיציאנעלע סוכה, וואס האט ביי יעדן אנדערש אויסגעזעען, האט עפעס אויך א גוטע שטימונג געהערשט, כאילו מיר האבן טאקע אראפגענומען דאס גערעטעניש פון אונזערע פעלדער, און מיר געניסן פון גאטס גאב מיט דער ברייטער האנד. הגם אין אסך משפחות האט מען געבעך מיט אומעט דערווארטעט דעם קאלטן ווינטער, ניט זייענדיק פארבארייטעט מיט האלץ און ווארעמע בגדים, און טאקע קארטאפל אויך, אבער אין אלגעמיין, איז דאך געווען א גוטע שטימונג, און מען האט טאקע געפראוועט שמחת-תורה ברוב פאר, מיט שארפע געטראנקען און גוטע געבעקסן, און פארשידענארטיקע פליישן. די פייערונגען האבן זיך אנגעהויבן באלד נאך די הקפות אין שול, דער רוב הקהל האט זיך נאך די הקפות אין שול ארומגעזעצט ארום געדעקטע טישן, פול מיט לעקעך און בראנפן, און כטוב לב האדם ביין, האט מען זיך אנגענומען אקסל ביי אקסל, הענד אין הענד געפלאכטן און אין א גרויסער ראד ארום דער בימה מיט געזאנג

שעהן לאנג געטאנצט. די דבקות און אהבת-ישראל איז ניט צו באשרייבן. איך געדענק נאך פון מיינע קינדער-יארן, ווען מיין זיידע, ר׳ אשר ע״ה, פלעגט די שמחה פון שמחת-תורה פראוועזן ווי א גרויסע שררה אין יענער צייט, און אלעס אין דער רוסישער שפראך. (עד היום פארשטיי איך ניט — פארוואס עפעס נאר אין דער רוסישער שפראך? ...). און ער פלעגט אננעמען מיט דער לינקער האנד די לאנגע בארד פון הרשיל גאלדענבערג ע״ה, און די רעכטע האנד געהאלטן גרייט אויף אים צו פאטשן, און טאקע פאר יעדן נישט פינקטלעכן נאכזאג אים, אריינווארפן א גרויסן פאטש אין פנים און זאגן אויף רוסיש: ״טאליס און תפילין, פאדרוקו וואזמי, בעלאיא רובאחא איוו סומקו וולאזשי, א דא טריסקא פאידו!״ און דאס אזוי איבערחזרן עטלעכע מאל מיט כונה. און ארום אים זענען מיר אלע געשטאנען מיט פרייד, און געקליבן תענוג פון דער פריילעכער שפיל, און נאר באדויערט, וואס אויף אזא פרייד דארף מען ווארטן אגאנץ קיילעכדיק יאר (זעט אויס, אז קיין אנדערע דאגות איז ניט געווען...).

נו, און מיר. ווען מיר זענען שוין גרעסער געווארן און אביסל אפיקורסישער געשטימט, האבן מיר זיך שוין געמאכט א ציוניסטישן מנין שמחת-תורה, מיט נדרים לטובת קרן-קימת, און דאס איז נאך אפילו געווען אביסל געגן דעם ניט פרומען סדר. און ווען די שמחה איז שוין געווען בעיצומה, האט מען אלע צוזאמען גענומען מאכן באזוכן מבית לבית, געוויינלעך מיט געזאנג און מיט פארשידענע אויסרופן, ווי למשל: ״צאן קדשים״ און ״לשנה הבאה בירושלים״ א.א. און פאר דעם ענדיקן דעם יום-טוב, האט מען זיך אלע צוריק פארזאמעלט אינם בית-כנסת, און געדאוונט א מנחה מיט אלערליי טענער פון פארשידענע יום-טובים, און דעם חזן אנגעטאן ווי א פארשטעלטן, אבי פריילעך זאל זיין! איין זאך, וואס עס איז כדאי דא צו דערמאנען, אז דאס איז געווען דער איינצי-קער יום-טוב אין יאר, ווי די שמחה איז געפראוועט געווארן ברוב-עם, מענער און פרויען צוזאמען, בלי שום הקפדה מצד זקני העדה. אנדערש איז דאס געווען אגאנץ יאר, שטרענג סעפאראט. אויך צו ענדע פלעגט נאך אמאל, מיט יארן צוריק, ארויפגיין אויפן דאך א ייד מיט א טלית און לולב, און זיך זעצן אויפן קוימען און שאקלען מיט אים, און אויסזינגען פארשידענע אריעס פון די תפילות, און פארענדיקן שאקלענדיק מיטן לולב: ״איך האב שונאים אין מזרח, מערב, צפון, דרום, איך האף צו דיר פון אויבן, אז אלע וועל איך האבן אין דער ערד...״ די כונה אויף דער מלכות-הרשעה, פון די צארן מיט זייערע אנטי יידישע גזירות.

פארענדיקט די הויפט ימים-טובים איז דורכן יאר געווען נאך, ווי געוויינלעך, די אזוי גערופענע ״יום-טוב אין דער וואכן״. אלס ערשטער איז געווען דער

יו"ט חנוכה, מיט זיינע רעליגיעזע פארמען אין בית-הכנסת, אבער אויך אין די הייזער האט זיך געשאפן א פריילעכע יום-טוב-דיקע שטימונג. ערשטנס איז דאך געווען א פאלקס-מאכל לאטקעס, וואס מען פלעגט עסן ספעציעל חנוכה, ווי אויך די טראדיציע פון א קערטיל שפילן אין חנוכה; דאס לעצטע ניט איבעראל. און אזוי איז אויך געווען ט"ו בשבט (ראש השנה לאילנות), ווען עס איז געווען א מצוה צו עסן פון פירות-הארץ, ווי באקסער און פייגן, אין דעם איז געווען מער כונה ווי צערעמאניע... ביז עס איז אונטערגעקומען דער יו"ט פורים. פורים, איז אויך פון די ימים-טובים אין דער וואכן, אבער עס האט זיך געלאזט פילן אין אלע היינזיכטן, אז דער יום-טוב איז א חשובער. שון ניט רעדנדיק פון דעם, דאס אין די אלע ימים-טובים אין דער וואכן, איז געווען דורכגעפירט א קרנות אקציע, האט פורים פארנומען דעם אויבן-אן פון אלע וואכנדיקע ימים-טובים. ווי געוויינלעך האט זיך פורים אנגעהויבן מיט א תענית, אבער שוין אין דעם זעלבן אוונט, געלייענט די מגילות און געקלאפט המנען מיט אלע כוחות, און געפילט בשעת-מעשה, אז מען איז זיך נוקם אין אלע המנס פון אלע צייטן. געקומען א היים פון דער שול, א פורים יום-טוב-דיקע שטימונג אין אלע הייזער, און אין אלע היינזיכטן יו"ט אין דערוואכן. צו מארגענס, ווידער אין בית-הכנסת צו דער מגילה, און צוריק א היים צום יום-טוב-דיקן טיש, און פארנאכט — סעודת-פורים. איך וויל דא מיט שבח דערמאנען, אז חוץ די יום-טוב-דיקע שטימונג, איז דאס שלוח-מנות שיקן אייגער צום צווייטן געווען א שיינע טראדיציע אין יענע צייטן. כמעט די גאנצע יידישע באפעלקערונג פון שטעטל, איז אוועק אויף זאמלונגען לטובת כל מיני צרכים וקרנות, און יידן האבן געשפענדעט ביד פתוחה, ולמעלה מהיכולת, אזא מנהג איז עס געווען אין אלע מזרח אייראפעאישע גלות לענדער.

מער קיין וואכעדיקע ימים-טובים איז נישטא, אויסער תשעה-באב. הגם דאס איז א טרויער טאג, אבער אין בית-הכנסת איז ער צוזאמען מיט דעם פאלקס-טרויער פארוואנדעלט געווארן אין א מין משונהדיקע לאגע: אבל איז אבל, אבער ביי יונגע מענטשן האט זיך אויך אריינגענארט אביסל געלעכטער אויף די ליפן מיט דעם מנהג פון ווארפן שטעכיקע באזשיקעס איינער דעם צווייטן, און ווי איז געווען צו דעם יידן מיט דער לאנגער בארד, וואס האט עפעס ניט נוהג כבוד געווען די יוגנטלעכע — אלע באזשאקעס פון יעדן זענען שוין געווען ביי אים אין בארד, און ס'איז ניט מעגליך געווען זיי אויספלאנטערן... נו, ווילסטו אדער ניט, מוזטו געבן א שמייכל.

די שמשים פון די בתי-כנסת אין אונזערע שטעטלעך זענען געווען געבוירן מבטן ומלידה צו דעם פאך, וועלכע איז אגב קיינמאל קיין גליקלעכע פרנסה ניט

געווען. על פי רוב זיך באגנוגענט מיט א וווינונג אין בית-הכנסת בצמצום, און פרנסה בצמצום. און עד היום ווייס איך ניט, ווי אזוי דער מין מפרנסים האט געלעבט, און נאך דערצויגן קינדער, און צווישן זיי אויך בעסערע קינדער. מיט וואס זיי האבן זיי דערנערט און דערצויגן ווייס איך ניט.



עס זענען געווען נאך אייניקע שמחות בשייכות אין א בית-כנסת, דאס זענען געווען ביי אומבאשטימטע געלעגנהייטן, דהיינו, ווען רביס פלעגן קומען אין שטעטל, אדער א ספר-תורה אריינגעפירט אין בית-כנסת, אדער א בר-מצוה און א חתן-אויפרוף. ווי אויך פון צייט צו צייט האט מען דארט געהערט פארטייאישע רעדעס איבער ציוניזם, פון וועלכע איך געדענק נאך פארשידענע פארלויפן פון זיי, און אויך דאס האט אריינגעבראכט לעבנס פרייד.

און דערביי וויל איך דערמאנען א פארלויף אין מלינאוו, אין א געוויסן שבת, ווען פון מיזאטש איז געקומען א רעדנער, בעת אין ארץ-ישראל איז פארגעקומען דער סטאבסקי-ארלאזאראוו פראצעס. שטייענדיק אין א טלית ביים ארון-קודש, כדי אין פאל פון מסירה, הייסט עס א רעליגיעזע רעדע... און אין זיין צעהיצטער רעדע מיט פאטאס האט ריבע ליטוואק ז״ל אראפגעשריגן פון דער ווייבערשער שול ״שקר!״. נאר א צווישנרוף, און דער עולם איז געווארן אנגעצויגן, און עס האט זיך באלד געשאפן צדדים, און ליהודים... עס האט גענוג געדויערט ביז די געמיטער האבן זיך איינגעשטילט, דער רעוויזיאניסטישער רעדנער, האט שוין מער ניט ממשיך געווען. אזעלכע פארלויפן זענען געווען א גאנץ אפטע דערשיינונג. אחוץ איבערבליקן און מיינונגס פארשידענהייטן, וועלכע זענען אין פארשידענע פלעצער פון שטעטל געווען געפירט צווישן הברים פון די ציוניסטישע שאטירונגען, רעכטע, לינקע, א.א. זענען אויך אין בית-הכנסת, ביים ווארעמען אויוון, געפירט געווארן א שמועס פון עלטערע בעלי-בתים, אויף די זעלבע טעמעס, פון וועלכע מען איז קיינמאל צו קיין אייניקייט ניט געקומען.



אנדערע שמחות, אין וועלכע עס זענען געווען באטייליקט אלע שיכטן פון דער ארטיקער באפעלקערונג, איז געווען א חתן-אויפרופן זיך. איז שבת אין שול א קידוש געפראוועט, אנדערע האבן נאך אויף דעם מוסיף געווען אין דער היים, מיט די זיי מער נאהענטע, אויך א קידוש. דאס זעלבע איז אויך געווען א ברית, און מיט א גרעסערן טראסק איז געווען געפראוועט א ספר-תורה אריינפירן אין בית-הכנסת. אבער דאס איז געווען א זעלטנהייט, איין מאל אין

עטלעכע יאר, און ממילא איז די שמחה געווען באגלייט בתופים ובמחולות, אין וועלכן עס האט אנטייל גענומען דער גרעסטער טייל פון דער ארטיקער באפעלקערונג.

א וואכן-שמחה איז אויך געווען איבערהויפט ביי חסידים פון שטעטל, ווען דער רבי זייערער פלעגט אין א איינמאליקן יערליכן באזוך זיך באזעצן צו גאסט אין שטעטל. זיין אכסניה פלעגט שטענדיק זיין ביי פייביל בערגער, ביי דעם בית-כנסת, און אנשי שלומנו האבן שוין פאר אים ספעציעל געפראוועט א וואך-יום-טוב. אינם לויף פון זיין אויפהאלטן זיך אין מלינאוו, פלעגן די חסידים זיינע אים באזוכן אין זיין אכסניה, און אייניקע האבן אים אויך איינגעלאדן אויף א בקור-בית, על פי רוב האט עס געטאן מיין שוואגער נחום טייטלמאן. און געוויינלעך, ווי דער רבי פלעגט זיין, זענען חסידים געקומען, בכדי להנעים את הערב, און עס איז געווען גאנץ אינטערעסאנט און פריילעך. עס איז כדאי דא צו דערמאנען, אז אין א געוויסן שמועס מיט דעם רבין, האב איך אליין געהערט, אז ער איז געווען פאר עליה לארץ ישראל. ניט ווי אנדערע רביס, וועלכע זענען געווען קעגן. מיט א וויזיט האט דער רבי אפגעשטאט אויך אין מערוויץ, ווייל פאר דער ערשטער וועלט מלחמה פלעגן אין מערוויץ זיין די זעלבע סדרים ווי אין מלינאוו, און אין די לעצטע צייטן נאר א איינטאגיקער וויזיט.



אזוי האט געפראוועט די יידישע קהלה אין אונזער אלטע היים, זייער לעבנס פארלויף אין גרעסטן טייל מיט שמחה, הגם עס איז קיין ערנסטע שמחה צוגלייך ווי ביי אונזערע קריסטליכע שכנים, לויט מיין מיינונג, קיין מאל ניט געווען. זעלטן-זעלטן איז געווען געפראוועט א שמחה, ניט געמישט מיט טרערן. און לאזן טרערן איז שטענדיק געווען פאר וואס. דער ייד האט ניט גענדארפט שווערן ״אם לא אעלה ירושלים על ראש שמחתי״, ווייל ער האט קיינמאל געהאט א שמחה בשלימות. אין זיינע בעסטע גלענצענדע צייטן זענען די שמחות געווען באגלייט מיט פחד און אונטערדריקונג. און פון געוויינהייט, פלעגט מען שוין אין גרעסטן טייל ניט לייגן קיין אכט אויף אסך אזעלכע זאכן, און גיין ווייטער...





ס. מ. ט.

# פריידן אוןליידן אין מערוויץ

שמחות און אבלות אין מערוויץ זענען פארגעקומען אויף א גאנץ אנדערן אופן ווי אין די אנדערע יידישע ישובים. און שמחות וויל איך דא איבערגעבן, הן שמחות-הפרט, ווי צ.ב.ש. תנאים, חתונות, בריתן, און אנדערע פאמיליען שמחות, (מען פלעגט זאגן בא אונז: "מען עסט לקח — א חתונה ביי טאכטער...) און שמחות הכלל, דאס הייסט שבתים, מלוה-מלכות, ימים-טובים, אדער גאר א ספר-תורה אריינפירן אין שול אריין וכדומה. קיין אנדערע ערנסטע געלעגנהייטן, געדענק איך ניט ספעציעל. עס זענען נאך געווען ענליכע כלל-שמחות, ווי מסיבות לטובת קרן-קימת, קרן היסוד, ווי אויך לטובת ווילטעטיקע צוועקן, פאר די ארטיקע נויטבאדערפטיקע. און להיפך, טרויער מאמענטן, ווי צ.ב.ש. שווערע קראנקהייטן, לויות, און אויך שמד-פאר-פאלן, וואס אין מיין לעבן איז דאס איינמאל פארגעקומען, און דאס איז אויך נאר געווען א שמד-פרווו. אבער דער טרויער און דאס לאזן זיך אויף קדוש-השם און געפאר פאר ראטעווען א יידישע נשמה, אזעלכעס איז אויך כדאי צו פארצייכענען אלס א כלל-טרויער. וועלן מיר אנהויבן פון שמחות.

## תנאים

אין מערוויץ, ווי איך געדענק, זענען ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה נישט פארגעקומען קיין ליבעס פארפאלן, רחמנא-לצלן. ס'הייסט, געווען אייגענטלעך זענען דאס יא, אבער אזוי סתם, ניט מיר ניט דיר, און גיין חתונה האבן חס וחלילה — דאס איז ניט געווען. און ווער עס האט טאקע ליב געהאט, א יינגל א מיידל, אדער פארקערט, איז אן א שדכן איז דאס געווען א פארברעכן, אדער סתם ניט יידעשלעך... האט מען טאקע געשיקט שדכנים, און אם מייסטענס מצד-הכלה איז געקומען די איניציאטיוו. און ס'האט זיך ערשט אנגעהויבן א דינגעניש איבער דעם נדן, און קיין זאך האט ניט מכריע געווען אן נדן. ס'איז געווען אזא לאזונג: "צו א שיין מיידל העלפט נדן"... און נאך א לאנגן דינגעניש, ווען מען איז שוין געקומען צו אן הסכם, האט מען ערשט אפגעשטעלט די תנאים בשעה טובה ומוצלחת, און, ווי געווייגלעך, די חתונה אפילו אין א יאר ארום. עס זענען אויך געווען פאלן, ווי דאס דינגעניש איבער דעם נדן, האט זייער לאנג געדויערט, און נאך דעם לאנגן דינגעניש האט די מוטער פון חתן געזאגט ענדלעך צום שדכן כהאי-לישנא: "הערט, ר' משה, מיין לעצטן

באשלוס: אויב מען גיט ניט סך זה וזה... טא זאל ער קרענקען נאך א יאר... ניש-קשה, ער וועט זיך אויס-וואלגערן... ביליגער ווערט ער ניט..."

און אט אזוי האט מען פארשדכנט חתן-כלה. עס הייסט ניט, אז עס זענען קיינמאל ניט געווען שענערע פארמען. יא, גאנץ מעגלעך, אבער זעלטן, אמיינסטענס ערשט נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה. אויך די מערוויצער יוגנט האט שוין אנגעהויבן צו איינפירן שענערע פארמען פון ליבע, עס האט זיך שוין אפילו געטראפן, דאס מען האט אויך חתונה געהאט אן נדן. די עלטערן, וועלכע האבן געהערט צו דער אמאליקער וועלט, האבן אויף דעם געקוקט זייער קרום, אבער פארפאלן! "אזא וועלט איז היינט", פלעגן זיי זאגן מיט א זיפץ. ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה, האט עס זייער זעלטן געטראפן.

און דא ווען עס האט שוין געהאלטן ביי פראווען די תנאים, האט מען גענומען אנבאקן ביי דער כלה'ס עלטערן לקחער מיט כל מיני אייער-קיכלעך, און מען האט ארויסגעשיקט דעם שמש צו פארבעטן דאס גאנצע שטעטל, פון עק ביז עק, אן אויסנאם פון קרובהשאפט און יחוס. אלע האבן זיך פארזאמלט ביי דער כלה אין שטוב, מיטן רב בראש, און מען האט אנידערגעזעצט דעם חתן-דומה-למלך מיטן רב אויבן-אן, ביי דער מזרח-וואנט. דער רעש אין שטוב איז געווען אומגעהויער גרויס. אלע זענען געקומען אנגעטון שבתדיק, אין די שענסטע און בעסטע קליידער, און דער רב איז געזעסן מיט א פעדער פון א גאנז אין האנט און געטונקען אלע מאל אין א טינטער, וועלכער איז געשטאנען נעבן אים, און געשריבן און געשריבן... ענדלעך האט ער אנגעהויבן צו זוכן צוויי כשרע עדות, וועלכע זענען נישט קיין קרובים צו קיין צד, און דאס איז געווען זייער זעלטן, ווייל ביי אונז האבן זיך אלע אנגעקערט, ווער ווייטער און ווער נאהענטער, אבער אלע אן אויסנאם. האט זיך אנגעהויבן א זוכעניש פון ריינע עדות אן קירבה, ביז דער רב האט ענדלעך באשלאסן, אז ספק-ספיקא דקירבה, איז לקולא... און א שמיני שבשמיני מעג זיין אן עדות. זענען שוין עדות פאראן, קענען זיי זיך ניט גוט אונטער חתמענען... האלט דער רב אונטער די האנד פון דעם עדות החותם, און זאגט אלע מאל: "ר' יוקל, ציט מיט דער פעדער א פאסיקל א קליינס, און דער נאך א לענגערס, און דער נאך א קליטשקעלע ביז..." ביז ס'איז שוין גוט. "כשר כשר, א כשרע חתימה", פסקנט דער רב. אזוי אויך דער צווייטער עדות, און כשר וישר.

יעצט ציט דער רב ארויס לאנגזאם פון זיין קעשענע, פון סירדעט פון אונטן, די רויטע פאטשיילע, וועלכע האט אים ניט איינמאל גענוצט אין א קאלטן טאג פאר א שאל אויפן האלדז, און גיט דעם חתן האלטן איין שפיץ פון איר, און אליין האלט ער דאס רעשט, און זאגט אים: "בו חתן לעבן, זיי מקבל-קנין,

בשעה טובה ומוצלחת!" און דער חתן נעמט אן די פאטשיילע, און ער פילט אין איר א ביסל פייכטקייט פון שמעק-טאבאק, נישט מער, נאר מילא, דער רב הייסט, מסתמא דארף מען אזוי... און נעמט די פאטשיילע, און שיקט זי צו צו דער כלה, זי זאל אויך מקבל-קנין זיין, און דער שמש שטויסט זיך צווישן דעם עולם מיט קולי קולות "לאזט דורך, לאזט דורך צו דער כלה, זי דארף מקבל-קנין זיין, דער רב הייסט". און די ווייבער, וועלכע האבן זיך בכלל געהאלטן אפגעזונדערט פון די מענער, און מער זיך קאנצענטרירט ארום דער כלה, הערנדיק, אז דער רב האט עפעס געשיקט דעם שמש, האבן אנגעהויבן צולייגן די פארטוכער צו די פייכט-געווארענע אויגן, שאקלענדיק מיט די קעפּ, און בעטנדיק דעם פאטער אין הימל "אוי טאטע זיסער, ס'זאל נאר זיין אין א מזלדיקער שעה". און דער שמש האט זיך מיט כח דורכגעשלאגן א וועג צו דער כלה, און זאגט איר: "נו כלה, זיי מקבל-קנין, דער רב הייסט אזוי". דערהערנדיק, אז דער רב הייסט, איז קיין טענה ניט, מסתמא איז דאס דער "קאבילקינע""... א גוטע סגולה צו דער חתונה, און מיט א ציטערדיקער האנט אנגערירט די רויטע פאטשיילע מיטן געררוך פון שמעק-טאבעק... און דער שמש שלייכט זיך צוריך דורך צווישן דעם המון, מיט קולות "לאזט דורך, איך מוז געבן דעם רב "קאבילקינען", וואס איך האב גענומען ביי דער כלה, לאזט אדורך, לאזט אדורך, לאזט אדורך!"

דער עולם, מיט גרויס דרך-ארץ און מיט א שמייכל אויף די ליפּן פון שמחה, הערט זיך צו צו די נישט-פארשטאנענע תרגום-ווערטער, וואס דער רב לייענט, אזוי ווי ער וואלט געשיקט א טעלעגראמע צום רבונו-של-עולם: "גאטעניו, איך פארשלייער דיר שוין נאך א יידיש פארל, און בעט דא אין מיינע תרגום ווערטער, בענטש זיי מיט כל מילי דמיטב מיט באניכי ומזוניכי — — — — און דער חתן מיט בתולתא זאלן עולה לגדולתא זיין במהרה בימינו אמן. נאום: — ר' יוקל בר' קסיאל נפתלי — עד, ונאום: ר' צבי הירש וואלף בר' יחיאל מיכל — עד, החונים דפה ק"ק מערוויץ.

דא הויבט דער רב אויף הויך א טעלער, און לאזט אים האסטיק אראפּ מיט אן אויסגעשריי "מזל-טוב, מזל-טוב!" ווערט ערשט די אמתע כליפּעריי מיט ווינטשענישן, א גאנצער לעקסיקאן פון ווינטשעוואניעס, א ים פון כל מיני ברכות, מען קושט זיך און מען האלזט זיך מיט הייסע טרערען. און נאך אמאל און ווידער אמאל זיך געווינשעוועט, ס'זאל זיין אין א גוטער שעה, מיט מזל און פרנסה, מיט געזונט און מיט קינדער און קינדס קינדער אמן סלה. און דאס גרעגעריי ציט זיך אוועק אזוי א היפּש שטיקל צייט מיט וויינען, ווינשן און

ווישן די אויגן, ביז... ביז מען נעמט זיך אביסל שוין טאקע צו עפעס וויכטיקעס, ד.ה. עפעס אין מויל אריין. מען טרינקט לחיים איבער וויין, ווישניאק און בראנפן. און היינט מויל מלאכה צום זינגען, זינגען און זינגען ביז טאג, און ניט אויפהערן, און דאס זינגען און זאגן פלעג פארנעמען דעם גאנצן אוונט. ווער מיר עסן, ווער מיר נאשן, ווער דארף דאס; דער עיקר דאס זינגען און פריילעך זיין, אויף טיש און אויף בענק, און די מלאכה פון זינגען האבן אונזערע שטאט-לייט געקענט.

אוועק דער תנאים אוונט, ווו די כלה האט גוט פארברענגט מיט אירע שטאטישע יידענעס ביזן ווייסן טאג; אויך דער חתן מיט אלע כלי-קודש און שטאט בעלי-בתים. האט זיך דער עולם גענומען צו ביסלעך צו געזעגענען. מען מוז דאך שוין גיין דאווענען, ס'איז דאך שוין גרויסער טאג, און די מחותנים מיטן חתן דארפן דאך אודאי גיין דאווענען, כדי צו געבן שבח דעם בורא-עולם, וואס ער האט זיי צוגעשיקט דעם אמתן זיווג.

און אזוי איז פאמעליך אריבער די וואך. און ערשט שבת, האט זיך אנגעהויבן א שיקעניש פון משקה. אלע שיקן משקה דעם חתן, און אלע שיקן משקה דער כלה, און די כלה ווידער שיקט משקה דעם חתן, און דער חתן שיקט משקה דער כלה. די משקה איז באשטאנען, מייסטענס, פון א שעליכל ווארעניע, צוגעדעקט מיט א שאל פון אויבן. די יעניקע, וועלכע האבן דאס ניט פארמאגט (און א סך זענען געווען אזעלכע), האבן געשיקט צוויי פלעשער ביר. און דערביי איז ווידער געווען א סדרה פון ווינטשן זיך, מען זאל דערלעבן, און אנגעהויבן פון קליידונג און בעט-געוואנט. פון מעבל און דירה האט מען זעלטן און אם-ירצה-השם צו די אייניקלעך, א.א.וו. א.א.וו.

## א חתונה

וועגן די חתונות פון דער פאר דער ערשטער-מלחמה-צייט. א חתונה אין אונזערע שטעטלעך איז געווען א פריילעכע אטראקציע, וועלכע האט געקענט זיך ציען א וואך צייט, ד.ה. איבער די שבע-ברכות. און אנגעהויבן האט זי זיך געוויינלעך אסך פריער מיט די הכנות צו דער חתונה. איך באטאן עס ווייל די הכנות אליין זענען געווען א גאנצע געשיכטע פאר זיך. געוויינלעך איז עס ניט געווען גלייך אין אלע הייזער, ביי אלע פאמיליעס, ווייל די ארימע פאמיליעס האבן ניט געהאט די זעלבע מעגליכקייטן וואס די רייכערע. די הכנות האבן זיך דערלעבן, אם-ירצה-השם צו דער חופה... און אם-ירצה-השם צום ברית... גערעדט, דאס וואלט צו יענער צייט כמעט געהייסן כפירה רחמנא לצלן: מען דארף זיך פארלאזן אויפן רבונו-של-עולם — מסתמא וועט ער ניט פארלאזן

און שפּייזן גלייך מיט אלע יידן... און א דירה איז אויך ניט קיין פּראבלעם — ביי איינעם פון די עלטערן אן אלקער: וואס דארף דען א פּאר-פאלק נאך א חתונה מער ווי א באזונדערן אלקער?.. זעט איר, קליידער און בעט-געוואנט — דאס יא, דאס איז א פּראבלעם, דאס מוז מען זיך באזארגן וויפל מען קען. איך געדענק נאך אפילו אז מיין באבע, עליה-השלום, פלעגט נאך אין איר טיפן עלטער, צו וואס פאר א שמחה ס'זאל ניט געווען זיין, אנטון איר חופה-קלייד מיט איר חופה-סאק... און דעריבער האט מען טאקע וועגן הלבשה געדארפט זארגן, טאמער חלילה וועט מען ניט קענען מאכן שפּעטער עפּעס פאר זיך קליידונג, ווייל מען וועט שוין דארפן זארגן פאר די קינדערלעך, איינס קלענער פון דעם אנדערן...

געוויינלעך איז דאס געזאגט געווארן בנוגע פארמעגלעכע משפחות, ווייל ארימע משפחות האבן טאקע אויך געמאכט הכנות א שטיקל צייט פאר דער חתונה, אבער, צום באדויערן, האבן זיי אין גאנצן אנדערש, און שוואכער פארבערייט זיך.

ובכן, די הכנות צו דער חתונה. ערשטענס, דאס יאר פון די תנאים ביז דער חתונה, האט מען געהאדעוועט גענז, געקוילעט זיי, און די פעדערן געפּליקט, כדי צו מאכן פון זיי עטלעכע קישענס און איבערבעטן; דאס האבן געטאן ביידע צדדים, געוויינלעך לויט די מעגליכקייטן. האבנדיק שוין די מאס פעדערן, וועלכע מ'האט מיט גרויס מי אין די ווינטער נעכט ביי דער ריבע און ביי דער שיין פון א נאפט לעמפל אנגעפּליקט, האט מען גענומען קלערן וועגן טיוקן און ציכלעך; דאס איז געוויינלעך איינגעקויפט געווארן בעתן איינקויפן די אלגעמיינע הלבשה פאר דעם חתן און די בני-ביתו, און באזונדערס די כלה און די בני-ביתה. דאס פארן קיין דובנע, צו מלכה סטול, איינצוקויפן חתונה קליידער, איז געווען א קאפּיטל פאר זיך. ווי געוויינלעך איז דער חתן אדער די כלה, זעלטן מיט-געפארן מיט די עלטערן איינצוקויפן, אלעס האבן די עלטערן, מיט דער מיטהילף פון מומחים לדבר און מיט דער באראטונג און צוטרוי פון ראובן און מלכה סטול איינגעקויפט, און זאלן זיי דערמאנט ווערן צום שבח. די מאנופאקטור סוחרים פון די פאמיליע סטול זענען געווען ארענטלעכע און פארטרוילעכע מענטשן; די גאנצע סביבה האט זיי מיט צוטרוי דאס אנפארטרויט.

איז די ערשטע זאך געווען די בעט-בעציהונג, און דערנאך די וועש. וועש האט מען א פארמעגלעכן חתן געמאכט צוויי טיץ, דאס הייסט העמדער מיט אונטער-הויזן, אויסער לייבצודעקלעך און נאך קלייניקייטן, ווייל קיין אנדער וועש האט מען ביי אונז דאן ניט גענוצט. און גלייך איז מען אריבער צו די אויבערשטע קליידער, ד.ה. א קאפּאטע, א חאלאט פון אלפאגע און עטלעכע

פאלטאנס, א ווינטערדיקן מיט פוטער און א אסיניע מיט א סאמעט קעלנערל, און אמאל אויך א שטויב מאנטל, אדער א בורקע, און ווער פון מער פארמעגלעכע, א טכוירענעס אדער א פוקסענעם טילעפל. און ווער עס האט זיך געקענט דערלויבן, האט מיטגעפירט א שניידער פון דער היים, מיט א סענטימעטער מאס, און דער שניידער האט ארויסגעזאגט אלע מאל זיינע מבינות און געשוויצט... געוויינליך איז זיין נסיעה געווען שלא על מנת לקבל פרס, ווייל ער איז דאך געווען דער יאר שניידער, דער משפחה שניידער, וועלכער האט ניט איינמאל גענייט א פאר הויזן אדער א חאלאטל אין דער משפחה איבערן יאר... און דאס אלעס איז פארפאקט געווארן מיט א ראגאזשע און מיט אן אייזערנע רייף, און ר׳ ראובן סטול האט געמאכט דעם חשבון, אדער מען האט באצאלט אלעס תיכף, אדער מען האט לאנגע יארן געצאלט דעם חוב, עס ווענדעט זיך ווי פארמעגלעך די מחותנים זענען געווען. און אין די עטלעכע וואכן פאר דער חתונה האט מען אריינגענומען דעם שניידער אין שטוב אריין, און ער האט גענייט פון א ביז ת. דאס זעלבע איז אויך געווען ביי דער כלה.

אויך שיך זענען געווארן איינגעקויפט צו דער חתונה, ד.ה. א פאר שטיוועלעטן מיט פליטקע קאלאשן, און א פאר שטיוול מיט טיפע קאלאשן. עס זענען אפילו געווען פאלן, ווען די חתנים האבנדיק א כוונה זיך מער אויספוצן צו דער חתונה, האבן, טראץ דעם וואס די חתונה איז געווען זומער צייט, אנגעטון די טיפע קאלאשן אויף די שטיוול, לשם יופי, מעשה גביר... און אויב די כלה איז געווען פון א צווייט שטעטל אין דער ווייט פון 15, 20, 25 קילאמעטער, איז דער סדר געווען אזא: חוץ די בעלי-עגלות פון שטעטל, וועלכע זענען מאביליזירט געווארן אויף דעם טאג, זענען אויך צוגעדינגען געווארן עטלעכע געשפאנען פון דארפישע פויערים, וועלכע פלעגן גערן פארן אויף א חתונה, ווייל חוץ דעם תשלום, האבן זיי אויך געגאסן פון א גוטן יידישן פרעס מיט ווייסער בולקע, און אויך א טרונק בראנפן, און מען האט זיך געלאזט אין וועג אריין.

## דער חתן קומט!

אונטערפארנדיק בערך א צוויי קילאמעטער פון שטעטל, איז די גאנצע שיירה געבליבן שטיין, און איינער פון די פארמאנעס איז געפארן רייטנדיק אנזאגן, אז דער חתן מיט די מחותנים זענען שוין דא נישט ווייט פון שטעטל. הערנדיק די ידיעה, איז באלד ארויסגעפארן א דעלעגאציע מחותנים מצד דער כלה, און מיט גרויס כבוד אריינגעפירט דעם חתן מיט די מחותנים אין שטעטל, און זיי אריינגעפירט, אין דער פון פריער צוגעגרייטער פאר זיי, סטאנציע, און דארט

זענען זײ געװען ביז מען איז געגאַנגען מיט כלי־זמר צום באַדעקן און דאַן צו דער חופּה.

דאָס אָרט, װאָס עס איז פאַרבערײטעט געװאָרן פאַר דעם חתן מיט זײַנע מחותּנים, האָט געהײסן דעם חתנס סטאַנציע; דאָרטן האָבן זײ זיך אױפגעהאַלטן ביז נאָך דער חתונה, און פון דאָרט זענען זײ אָפּגעפאָרן אַהײם צוריק, איבער־לאָזנדיק דעם חתן. יעצט, אַז דער חתן איז שױן דאָ, מעג מען שױן רעדן װעגן גײן צו דער חופּה, װײַל עס האָט געקענט טרעפן, דאָס צוליב טעכנישע סבּות, װי גרױסע בלאָטעס אָדער שנײען, זאָל זײַן אַן אָפּהאַלט, און דער חתן האָט אָדער פאַרשפּעטיקט אָדער אינגאַנצן ניט געקענט אַרױספאָרן פון דער הײט צוליב דעם שװערן װעטער און אַפילו אַ שליח שיקן ניט געקענט. אַזאַ שמחה פאַרשטערונג, װינטש איך ניט מײַנע פרײַנד... און אױב אַלעס איז געװען בסדר, איז אודאי די שמחה געװען גרױס. און אַזױ װי דער חתן, מיט זײַן פאַמיליע, האָט זיך דערנעהענטערט צו דער שטאָט, האָט אים אױפגענומען אַ קאַפּעליע כלי־זמרים, װי אױך דאָס גאַנצע שטעטל איז געלאָפן זען און הערן דאָס פרײלעכס.

אָפּגעפּראַװעט די הכנות צו דער חופּה גײט מען צום באַדעקנס און גלײַך צו דער חופּה. פאַר דער חופּה איז, װי געװײנלעך, אַ געװײן, הערנדיק דעם בדחן, װעלכער האָט געהאַט זײַן אױפגאַבע ביז דער חופּה באַזעצן דעם חתן מיט דער כּלה, און פון זײַן באַזעצן און קלאָג לידער האָט מען געלאָזט טרערן װי װאַסער, ובפרט, װען די כּלה איז חס־ושלום געװען אַ יתומה, האָט שױן דאַן דעם בדחן קײן קלאָג שטאָף ניט געפעלט. געענדיקט דאָס אַלץ, גײט מען צו דער חופּה. די חופּה פלעגט אַמײסטענס פאָרקומען בײַ דער שול, און די אונטערפירער האָבן געפירט דעם חתן מיט דער כּלה, יעדערן באַזונדער, מיט ברענענדע ליכט אין די הענט, און מאַנכעס מאָל מיט שטורקאַצן פון נאַפט, און אַמאָל אַפילו מיט פײַערװערק, װעלכעס האָט געהאַלטן אין אײן שפּריצן פונקען. די גאַנצע פּראָצעדורע פון דער חופּה איז באַגלײט געװאָרן מיט די כלי־זמר, צו דער חופּה און פון דער חופּה. און װוּנשן אַן אַ שיעור! עס איז נישט צו דערצײלן.

אומגעקערט זיך צוריק פון דער חופּה, האָט מען שנעל געגעבן דער חתן־כּלה עפּעס איבערכאַפּן נאָך דעם לאַנגן תּענית, ביז צו דער גילדערנער יויך און אַנדערע גוטע זאַכן באַגלײט מיט מוזיק. געענדיקט די סעודה און די שבע־ברכות, איז אַװעק אַ גאַנג פון מצװה־טענץ, און אַ סדרה פון דרשה געשענק. דרשה־געשענק איז געװאָרן אױסגערופן דורך דעם בדחן יעדער באַזונדער, װער עס גיט און װאָס ער גיט, און מיט הומאָר. בכלל האָט דער בדחן שװער געהאָרעװעט דעם גאַנצן אָװנט — פרײלעך מאַכן דעם עולם בײַ דער סעודה, און נאָך דער סעודה. געענדיקט די אַלע פאָרמעלע זאַכן, איז געװען דער שטײגער צו דינגען

טענץ. טאנצן האבן נאר געקענט געציילטע וואלקענענדיקע פרויען. און מענער האבן זיי געדונגען טענץ, ווייל מיט-טאנצן מיט זיי, הס מלהזכיר אזעלכעס! טאנצן חס-וחלילה זכרים מיט נקבות, איז ניט געהערט געווארן. געטאנצט ביז טאג, ד.ה. ביז דעם צווייטן האלבן טאג און לבסוף געטאנצט אלע צוזאמען אן אפשיידס-טאנץ, די אזוי גערופענע רעטשקע. דער טאנץ האט מבשר געווען די ענדע פון דער חתונה נאכט.

נאך דעם רעטשקע טאנץ, האבן אלע מידערהייט געפאקט אק און פאק, און היידא צוריק א היים, צום אלטן און וואכנדיקן לעבן... עס זענען אפילו געווען חתונות, ווו מ׳האט, נאך דעם ווי די פרעמדע מחותנים זענען זיך צופארן, ווייטער פארגעזעצט די שמחה. איך געדענק נאך, אין מיינע קינדער יארן איז פארגעקומען די חתונה פון מיין פעטער זעליגס טאכטער, אסתר ע״ה. די חתונה אליין האט זיך געצויגן א וואך צייט מיט כל מיני אטראקציות, מיט טענץ ריי-טענדיק אויף פערד, און ארייגפארן מיט די פערד אין דער ווינונג אריין, און מיר קונדסים האבן קיין גרעסערע שמחה אין לעבן נאך ניט געהאט געזען. לאנגע יארן האט מען גערעדט פון דער חתונה, און ווייטער האט זיך דאס לעבן געפירט מדור לדור כמעט מיט די זעלבע פארמען.

## א ברית

א ברית איז אויך געווען גאנץ אפט א גאנץ שיינע שמחה, ווייל פארזאמלט האט מען זיך אויך, אין גרעסטן טייל, כמעט אלע פון שטעטל, און אפילו די ניט-פארמעגלעכע האבן זיך אנגעשטרענגט און געמאכט א שיינע סעודת-מצוה, געווינלעך אן כלי-זמר און אן אנדערע זאכן, וועלכע עס האט זיך געפאדערט ביי א חתונה למשל, ווייל א חתונה איז געווען איינע, אבער בריתן... א קליינע שמחה, אבער גאנץ שיין געפראוועט. ווי באוווסט, אין יענע צייטן זענען די געבורטן פארגעקומען אין די אייגענע הייזער. אפגענומען דאס קינד האט א באבע, און ווען די פרוי האט שוין דערפילט די געבורטס-ווייען, איז דער מאן געלאפן רופן די באבע. און די באבע, וועלכע איז געווען מייסטענס אן אלטע פרוי, און דאס האט פאסירט ביינאכט, און ער האט זי געמוזט אויפוועקן אין מיטן דער נאכט צו א קינפעטארן — האט זי, פון גרויס אייליעניש, זיך ניט אנגעטאן אין ארדנונג, אדער דאס פנים איז געווען אויסגעשמירט מיט סאזשע, זוכענדיק אין דער פינסטער ביים קוימען די שוועבעלעך... און אז זי איז אין אזא פאזע אריינגעקומען צו דער קימפעטארן, האט זי מיט די גרעסטע ווייען געמוזט לאכן, און דאס איז געווען א סגולה צום געבורט... העיקר, עס איז געווען פריילעך...

## אנדערע שמחות

און ווען מען האָט געפּראַוועט אַ מלוה-מלכה, און דאָס איז געווען גאַנץ אָפט, איז אויך געווען אַ שמחה. און אַז גאָט האָט געהאָלפן עפּעס אַ גוטע וואָך, איז טאַקע געווען אַ גענזל אויך צו דער שמחה, שוין אָפּגערעדט פון הערינג מיט ווײַסע חלה. און ווער רעדט, ווען מען האָט אַרײַנגעפירט אַ ספר-תורה, אָדער אַ נײַעם ארון-קודש אין שול אַרײַן — דאָס איז געווען צוגלײַך ווי אַ חתונה-שמחה, מיט מוזיק, און מיט אַ חופה, אונטער וועלכע מען האָט געטראָגן די ספר-תורה, און געשפּילט און געטאַנצט, און זיך געלאָזט ווײַלגײַן ביזן גרויסן טאָג. עס איז ניט געווען קײן אונטערשיד, צי די ספר-תורה איז געגעבן געוואָרן פון אַ יחיד, צי פון אַ חברה, אַלץ די זעלבע שמחה.

אַזוי, למשל, געדענק איך, ווען מען האָט אַרײַנגעפירט אַ ספר-תורה, געשריבן פון דער משפחה הירש מאַלינער, אויף דעם נאָמען פון זײער יונג פאַרשטאָרבענער טאָכטער פײַגע; דאָס איז נאָך געווען פאַר דער ערשטער וועלט-קריג. די שמחה, געדענק איך, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַרײַנשרײַבן אותיות אין דער תורה, אַלעס איז פאָרגעקומען בײַ ווײַגדאָר זיסיען אין שטוב, ווײַל דאָרט איז געווען אַ גרויס הויז און אַן אַכסניה, און טאַקע דערפאַר איז די שמחה אַריבער געפירט געוואָרן פון הירש מאַלינער׳ס שטוב, וועלכע איז געווען אַ גרויס מסחר-הויז אין ווײַגדאָרס שטוב אַרײַן, דער אײדעם פון הירש מאַלינער, און דערצו איז די שטוב דאָרט געווען גראַמאַדנע גרויס, גענוג פּלאַץ פאַר אַסך געסט.

איך געדענק נאָך גאַנץ גוט ווי אַזוי מײַן זײדע, ר׳ אשר ז״ל, איז פריער אין מקוה געגאַנגען, אײדער ער איז געגאַנגען שרײַבן אַן אות, און אַזוי האָבן געטאָן אַסך אַנדערע באַיאָרטע ייִדן (אַגב, אויך מײַן זײדע האָט אַ ספר-תורה געהאַט, אָבער דאָס האָט פּאַסירט נאָך אײדער איך בין געבוירן געוואָרן). און ווען מען האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט צו שרײַבן אותיות, האָט מען געברענגט די שטאָט-חופה, און מען האָט זי אַוועקגעשטעלט פאַר דער טיר פון ווײַגדאָרס הויז, און בערקע דער שמש ע״ה, האָט יעדן אויסגערופן מיט כיבוד-התורה, ביז מען איז צוגעקומען צו דער חופה, דאַן איז שוין געווען גרייט די גאַנצע יוגנט פון שטעטל מיט שטורקאַצן אין די הענט און די אַליקער כלי-זמר, וועלכע מען האָט געברענגט ספּעציעל צום יום-טוב, האָבן אָנגעפאַנגען צו שפּילן, און די קעסל-פויק פויקן אַלס סימן פון שמחה. און כאָטש די קלויז איז געווען זײער נאָענט, בלויז איבערן וועג, דאָך האָט מען געפירט די ספר-תורה אונטער דער חופה מיט געזאַנג און מוזיק איבער דעם מאַרק, ביז צו די אַנדערע שולן, וועלכע זענען געווען באַלויכטן מיט אַלע בליץ-לאָמפּן. איז מען אַרויסגעקומען אַנטקעגן מיט ספרי-תורות אין די הענט, און אַזוי האָט מען מקבל-פּנים געווען די נײַע ספר-

תורה, ביז מען האט זיך צוריק געקערט אין דער טריסקער קלויז, ווו זי האט געדארפט זיין שטענדיק, און דער חזן און קהל האט געזאגט "אתה הראית לדעת", און געגאנגען מיט הקפות אזוי ווי שמחת-תורה, און ביי יעדער הקפה געטאנצט און געזונגען, און כלי-זמר האבן געשפילט, ביז אין די שפעטע שעהן פון דער נאכט.

און ווען מען האט פארענדיקט די פראצעדור, האט מען ערשט דאן געפראוועט די סעודה. אלע אנוועזענדע האבן זיך געוואשן, המוציא געמאכט איבער שבת-דיקע חלה, און פלייש און פיש, בראנפן מיט ביר, כיד הגביר הטובה עליו, און ווידער טענץ און מוזיק ביזן ווייסן טאג אריין. איך, ווי אסך אנדערע, האבן דאן געקלערט, אז, מי שלא ראה שמחה זו, לא ראה שמחה מימיו. דאס איז געווען א שמחה פון געבן א ספר-תורה פון א גבירס האנד, מיט גבירישע מעגליכקייטן.

דאגעגן, איז שוין נאך דער ערשטער וועלט-קריג געגעבן געווארן א ספר-תורה דורך א חברה, וועלכע האט זיך גערופן "ארבעטער נישט פאריין" (ווייל ארבעטער — יא, פאריין — נישט...). עס איז אויך געווען א גרויסע שמחה, מיט כמעט אלע איינצעלהייטן, אבער ניט מיט די זעלבע התלהבות. דער גבאי פון די בעלי-מלאכות איז געווען שייע מילער ע"ה, און טאקע ביי אים אין שטוב איז קאנצענטרירט געווארן אלעס, די אותיות שרייבן, און פון זיין שטוב האט זיך אנגעהויבן די פראצעסיע, אבער ניט דאס ווי ביי מאלינערן. עס האט מער געטראגן א כאראקטער פון א דערמאנסטראציע קעגן די גבירים, ווי א שמחה פון א ספר-תורה שרייבן...

און אזא דעמאנסטראציע האבן די ארימע ארבעטער פון דעם קליינעם שטעטל גאנץ אפט געוואלט מאכן, ווייל זיי האבן שטענדיק געפילט, דאס די באנעמונג און דער כבוד צו זיי איז ניט דער זעלבער, ווי צו א יידן א בכבודיקן, א סוחר א רייכער, א למדן, א גרויסער חסיד וכדומה. דאס האט געפילט כמעט יעדער בעל-מלאכה און האט שטענדיק געטראגן א פארבארגענעם האס אויף די נישט בעלי-מלאכות, און בעת ארייגפירן די ספר-תורה פון די בעלי-מלאכות, זענען אויך פון זיי געלאדן געווארן דאס גאנצע שטעטל אן אויסנאם, הן לכבוד התורה, והן דעמאנסטראטיוו, ווי איך האב שוין געשריבן, כאילו דערמיט אויסצודרוקן די גלייבכבארעכטיגונג, די געגנער אויף צו להכעיס.

אזוי געדענק איך, ווען מען האט אריינגעפירט נאך פאר דער ערשטער וועלט קריג אן ארון-קודש אין שילכל אריין (דער ארון-קודש איז געגעבן געווארן דורך לייזער אפשטיין ע"ה, און משפחה, הנקרא לייזער אלי משה'ס) איז דער ארון-קודש געפוצט געווארן דורך זיין זון חנינא ע"ה, ער איז געווען דערצו א

ספעציאַליסט. אויך דאָן איז געווען זייער פריילעך, מיט אַליקער כלי-זמר, מיט געזאַנג ביז צום שולכל און אינווייניק. דאָס האָט זיך מיר אויך גאַנץ גוט איינגעקריצט אין מיין קינדערשן זכרון. דאָס שפּילן, זינגען און טאַנצן טראַגענדיק דעם ארון-קודש, כאילו ווי מען וואָלט אים געטראָגן אין בית-המקדש אַריין קיין ירושלים. היינט די קדושא-רבא מיט דעם פּרעס אַגאַנצע נאַכט ביז טאָג; איך וועל עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

## שמחות לטובת ארץ־ישראל

חוץ די חודשלעכע זאַמלונגען פאַר פאַרשידענע ארץ-ישראל-פאָנדן, אין וועלכע איך און מיין פרוי סאָניאַ און נאָך עטלעכע געציילטע האָבן אַנטיילגענומען, האָבן מיר פון צייט-צו-צייט אויך דורכגעפירט שמחהלעך, און די איינקונפטן פון זיי זענען געווידמעט געוואָרן דעם קרן-קיימת א.א.וו. אין די אַרבעטן האָבן זיך אויך באַטייליקט יונגערע פון אונז, זיי האָבן אַמייסטענס אויסגעפירט די טעכנישע אַרבייטן. זיי זענען עס געווען: מלכה לאַקריץ ז״ל, יבל״א יצחק עפּשטיין, חיים ניישטיין ז״ל, מאיר קליינבאַרד און אַנדערע.

עס איז ביי אונז אויך געווען אַ רעכטע פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך ניט באַטייליקט אין די קרבנות, און דאָס איז געווען ב.ת.ר. עס זענען ניט איינמאָל אַרויסגערופן געוואָרן קריגערייען אויף דעם גרונד, און אַפילו געשלעגן אויך. איך געדענק אין אַ געוויסן אָוונט האָבן זיך אנשי ביתר פאַרלייגט אין אַ באַהעלטעניש אויפן וועג, וואָס פירט קיין מלינאָוו, ביי דעם הויז פון יעקב קיניוועך, און מיט אַ שטיין פאַרוווּנדעט יצחק בלינדער ע״ה; אויף אַזוי ווייט זענען געווען די חלוקי-דעות. אָבער אַלע צוזאַמען האָבן געשטרעבט כאָטש אָפּגעזונדערט צו אָפּטע באַנקעטן — און פריילעך זאָל זיין. איך וויל נאָך דערמאָנען נאָך איין אינסטיטוציע וועלכע האָט אויך געפאָדערט אָפטע מסיבות לטובת מגביות, און דאָס איז געווען דער פרויען פאַריין, אין וועלכן מיין פרוי סאָניע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט, און פון צייט צו צייט געמאַכט אַזעלכע פאַרוויילונגען, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַלע מאָל געוויסע סומען געלט. און דאָס איז געווען אין אַזאַ פאָרם: אַלע פרויען פלעגן אָפּבאַקן פאַרשידענע זיסוואַרגן און דאָס פלעגט ליציטירט ווערן, און דער לעצטער קונה האָט דאָס געקריגן, און פאַרטיילט צווישן זיינע מקורבים. ביים איבערשטייגן אין פּרייז האָט יעדער געמוזט ביילייגן דעם סכום, און דאָס אַלץ האָט אַריינגעברענגט אַזאַ סכום, וועלכער האָט פאַרגרעסערט דעם איינקונפט פון פאַריין.

אַזעלכע אָוונטן פלעגן פאַרזאַמלען דאָס גאַנצע שטעטל פרויען מיט די מענער, און מען פלעגט זיך גאַנץ היבש משמח זיין.

## א טרויער אין שטעטל

א טרויער אז עס האט פאסירט אין שטעטל, האט כמעט דאס גאנצע שטעטל גענומען אן אנטייל. יעדער איינער האט זיך באטייליקט אינם טרויער. אז עמיצער איז קראנק געווארן, האט מען אים קיינמאל ניט פארלאזט, און מען האט אים און די משפחה באזוכט אן אויפהער, יעדן טאג, און מיט וואס מען האט נאר געקענט פארלייכטערן דער משפחה און דעם קראנקן, האט מען געטאן. עס פלעגן זיין פאלן פון נעכטיקן ביים חולה, אדער פינאנסיעלע הילף, אדער פארן מיט דעם קראנקן אין א גרויסער שטאט צו א גרויסן דאקטאר; אזא הילף איז שטענדיק געווען גרייט. אין א לויה ר״ל, האט זיך באטייליקט דאס גאנצע שטעטל אן אויסנאם.



עס איז אין מיינע קינדער יארן געווען א שמד-פארפאל, און א משומדת האט מען מציל געווען פון שמד. אבער כדי צו מציל זיין זי פון שמד, האט זיך דאס גאנצע שטעטל געשטעלט אויף די פיס, גרייט צו יעדער זאך, אפילו אויף קדוש-השם. אלע איינצלהייטן געדענק איך שוין ניט, אבער אייניקע וועל איך דערמאנען, און זאל דאס זיין א שבח די שוכני-עפר, וועלכע זענען געווען גרייט מקריב זיין זייער לעבן, אבי צו ראטעווען א יידישע טאכטער פון שמד.

דאס האט פאסירט אין יאר 1908 בערך, ווען חייקע בת אברהם-יעקב בריזגאל, זייענדיק א יונגע אלמנה פון 36—37 יאר, אין די בעסטע בליענדע יארן, און איז געווען א שיינע אנטוויקעלטע פרוי — איז געכאפט געווארן אין דער נעץ דורך שיינע קאמפלימענטן פון א קריסט, עלטער פון איר מיט בערך 10 יאר פון א שכנותדיקן דארף. דער קריסט מיט זיינע שיינע ווערטער האט איר פארנארט צו זיך אויף כלומרשט קארשן רייסן, און בשכר זה וועט זי העלפט ברענגען אהיים. נישט האבנדיק קיין באשעפטיקונג, און זיצנדיק מיט דריי קינדער ביי נישט פארמעגלעכע עלטערן, איז עס געווען ביי איר אביסל א באשעפטיקונג און אביסל צייט פארטרייב, ניט האבענדיק לכתחילה קיין חשד. זייענדיק דארט, האט איר דער קריסט ניט געשפארט קיין קאמפלימענטן ביז זי איז פון אים באאיינפלוסט געווארן, און דערוייל געבליבן אויף נאך א טאג קארשן רייסן... ביז די באציאונגען זענען בא זיי געווארן מער און מער ראמאנטישער, און זי האט ענדלעך איינגעשטימט צו בלייבן ביי אים. דער קריסט, וועלכער איז געווען מען פיפיקער פון איר, האט זיך פארגעשטעלט, אז עס וועט זיכער געשטעלט ווערן א ווידערשטאנד מצד דער משפחה, האט ער איר אוועקגעפירט עטלעכע צענדליק קילאמעטער פון זיין היים אין א נישט באוווסטע ריכטונג.

מיין מוטער ע״ה, און אויך מיין פרויס מוטער ע״ה, זייענדיק שוועגערינס,

נאך יונגע קרעפטיקע פרויען, זענען אוועק אין דעם דארף, און זענען אריין צו א שכן, א פארטרויליכן, און אים געבעטן אויסשפיאנירן די זאך. זיי האבן באקומען א ידיעה, אז זי איז אפגעפירט געווארן אין דער ריכטונג פון פאטשאיעוו, דאס באוווסטע הייליקע ארט פאר קריסטן, ווו עס זענען פארגעקומען די שמד צערעמאניעס, ווען עס האט נאר פאסירט אזעלכעס.

ווען זיי האבן זיך אומגעקערט א היים מיט דער ידיעה, איז אין שטעטל געווארן תשעה-באב. אלע, אן אויסנאם, האבן געטרויערט. און נאך אן אלגעמיינע בעראטונג, איז באשלאסן געווארן, אז מארגן פארטאג, פארן ארויס אלע מענער אויף א רעטונגס אקציע. הבוקר אור, און אלע מענער, אן אונטערשיד פון עלטער און סאציאלן שטאנד, אפגעדאווענט פארטאג און זיך ארויס געלאזט אין וועג אריין, אין דער ריכטונג פון פאטשאיעוו. און געפארן איז מען מיט דעם באשלוס, דאס מען וועט זי מיט כח ארויסכאפן פון וואס פאר אן ארט זי זאל ניט זיין. איך געדענק, אז נישט האבנדיק נאך דערפארן קיין פאטשאיעוו, און זייענדיק מיד פון דעם ווייטן און פארשטויבטן וועג, האט מען זיך אפגעשטעלט אין א נאהענטן דארף שוין ניט ווייט פון פאטשאיעוו, צו אינטערפיטערן די פערד די מידע, און אביסל זיך אליין אפשטויבן. על פי צופאל, האט זיך א דארטיקער פויער דערוווסט פון א רייזענדן, אז די גאנצע עדה מיט די קאפאטעס און פאות, פארן, כדי צו ראטעווען א יידישע טאכטער, וועלכע וויל דוקא אריין גייען אונטער זייער גאטס אמונה. פון קנאה און פארדראס אויף די נישט גלויביקע יידן, האט ער אלארמירט דאס גאנצע דארף, און די צוהעצטע גויים זענען אלע ארויס מיט שטעקנס אין די הענט, און מען האט געשלאגן די פארבייפארענדע יידן מכות רצח און מיט גרויס מי איז זיי געלונגען מיט שברי-אברים זיך ארויס צורייסן פון זייערע מערדערישע הענט. און די זעלבע ידיעות זענען שנעל אריבערגעטראגן געווארן ביז פאטשאיעוו, און ווען מען האט זיי באגעגנט האבן זיי געהאט דעם זעלבן טרויעריקן און שרעקלעכן פאגראם-קבלת-פנים. מיט גרויס מי און מאטערניש, איז זיי געלונגען דורך וועגן און אומוועגן צו קומען אהיים, צעשלאגענע און צעבראכענע, באליידיקטע, און דער עיקר מיט ליידיקע הענט, אן דער א.ג. משומדת.

דער סוף איז געווען, קומענדיק צוריק אן דעם אנטיקל, און פון ריסוק-אברים האט מען דערפילט דעם דאפעלטן שמערץ און געפאר, אין וועלכן מען איז דאן געשטאנען — איז וואס טוען יידן חסידים, באליידיקטע און בארויבטע? — צום רבין! און דער רבי עצהעט, אז אזוי ווי זי האט שוין אן 18 יאריקן זון, וועלכער ארבעט אין קיעוו אלס פריקאזטשיק, זאל דער זון קומען וואס שנעלער, און נאר דער זון מיט זיין פעטער פון לוצק זאלן צופארן קיין

פאטשאיעוו, אן ווערטער און אן תחנונים, און זאלן זיי זיך א טאג צייט ארום-שפאצירן ארום די לאוורעס. אין קורצן דער מיטל האט געהאלפן, און אין משך פון דעם זעלבן טאג, ווען זי, זייענדיק פארשטעקט אין די פארמאכטע צימערן פון די מאנאכן א לענגערע צייט, און פון לאנגווייליקייט האט זי, ארויסקוקנדיק דורך א פענסטער, באמערקט איר עלעגאנטן שיינעם בלאנדן קיעווער זון שפאצירן פארביי דעם קלויסטער מיט איר ברודער יהושע, האט זי אויף קיין זאך ניט געקוקט, און איז ארויס, און ארויפגעווארפן זיך אויפן זונס האלז, און מיט הייסע טרערן געשווירן חרטה אויף אלעס, און אין דעם זעלבן טאג זענען זיי געקומען מיט איר קיין מערוויץ. אלע יידן פון שטעטל האבן זיך שטארק דערפרייט מיט דער גרויסער מציאה. דער סוף איז געווען, דאס דער ברודער שייע האט זי אוועקגעפירט קיין לאנדאן, ווי אויף היינט-צו-טאג ווייסט קיינער ניט ווו איר געביין איז אומגעקומען.



עס איז נאך געווען א מין מיטגעפיל פון יידן, וואס איז כדאי דא צו דערמאנען — דער מסירות נפש פארן כלל בשעת שריפות, און זיי זענען ביי אונז געווען זייער אן אפטע זאך; און דער פלאג האט לאנג געדויערט ביז מען איז פטור געווארן. די סיבה פון דעם איז גאנץ איינפאך, די ארימע יידן האבן זעלטן געהאט געדעקט די דעכער מיט בלעך, טשערעפעס אדער שינדלען; זייערע דעכער זענען געווען געדעקט מיט שטרוי, וואס האט קיין סך ניט געקאסט, און דאס איז געווען זייער לייכט צום ברענען, און בא דער קלענסטער ניט פארזיכטיקייט איז שוין געווען א שריפה. און כידוע, שריפה גוררת שריפה, אבי עס האט זיך נאר אנגעהויבן, האט געקענט אוועק דאס גאנצע שטעטל מיטן פייער. אזעלכע שריפות געדענק איך אסך. די לעצטע האט נאך פאסירט נאך דער ערשטער וועלט-קריג, ווען פון זעליגס מיל איז א פונק פון דאמפף מאשין ארויס, און פארברענט לאה שערמאנס שטוב, און בנימין גרינשפונס שטוב. קיין סך הייזער אין דער סביבה איז דאן, נאך דער מלחמה, ניט געווען. געווייינלעך, ווען דאס זאל געווען פאסירן פאר דער מלחמה, וואלט זיכער דאס גאנצע שטעטל אוועק אין פלאמען. הגם שוין אין די לעצטע יארן פון פאר דער ערשטער קריג, האט מען שוין אנגעהויבן לעבן מער קולטורעל, אזוי דאס אויך די דירות זענען אלע מאל וואס מער באדעקט געווארן מיט צערעפעס, און צו דעם צוועק האבן זיך גענומען שאפן אין מערוויץ פאבריקן.

לאנגע יארן האט מען גערעדט איבער דער שריפה פון דער גרויסער שיינער שול. די שריפה האט זיך אנגעהויבן פון א געוויסער חנה-רחל יוסילע-סמאלי-קאפס-שטוב און פארכאפט עטלעכע נאהענטע הייזער, מיט שטרוי געדעקטע, און דער עיקר די גרויסע שיינע שול.

ס. מ. ט.

# מצות באקן

אמאל, פאר דעם גרויסן אומגליק, בשנים כתיקונן, פלעגט מען באקן אין מלינאוו מצות, און ס׳איז געווען א מאשין, מיט וועלכער מען האט זיך שוין באנוצט שטענדיק, פון פסח צו פסח, צו דעם צוועק, און אלע יידן פון מלינאוו און מערוויץ און די ארומיקע דערפער, האבן געקויפט די מצות פון מלינאוו. דאס האט געגעבן א געוויסן פראפיט, בכדי עס זאל זיין מיט וואס צו אונטערשטיצן די ארימע שיכטן מיט מצות אויף פסח. גלייכצייטיק האבן עטלעכע ארבעטסלאזע בעלי-מלאכות פארדינט פון זייער ארבעט ביי די מצות אויף פסח הוצאות; ביי אייניקע פון זיי איז דאס געווען פשוט דאס ערשטע פארדינסט פון פרילינג, אפזיצנדיק כמעט דעם גאנצן ווינטער אן פרנסה, וואס ס׳איז געווען ביי א טייל באפעלקערונג א גאנץ אפטע דערשיינונג.

היינט דער עצם ענין מצות באקן, און מצות-שמירה באקן! און די פאמיליע וויינשטאק און נאך אייניקע, האבן נאך צוגעבאקן אביסל אייער-מצות אויף פסח אויך. די אלע פארלויפן זענען געווען א שמחה פאר דער גאנצער יידישער באפעלקערונג, וועלכע האט זיך איבערגעחזרט יעדעס יאר, אין אלע אן אויסנאם הייזער.

ווען מען האט ארייגעבראכט די מצות אין דער יידישער שטוב, איז מיט זיי ארייגעקומען א שמחה און מען האט זיך געהאלטן אין איין ווינטשן: מען זאל דערלעבן איבער א יאר מיט פרייליכע הערצער, מיט, מיט, מיט...״ און ווער רעדט, ווען עס האט זיך דערנענטערט די ערשטע סדר-נאכט, האט מען פשוט אנגעטאפט מיט די הענט די שמחה, וועלכע האט געהערשט אין יעדער שטוב אן אונטערשיד. און אזוי האט זיך אוועקגעצויגן אגאנץ אכט-טאגיקער יום-טוב מיט שמחה און מיט חקירה, ווערמענס מצות זענען מער געראטן, מער דינער, פרישער, געשמאקער, ניט פארברענט, ניט רוי, און דערצו טאקע שוין איינצייטיק א שמועס איבער דעם וויין אויף ארבע-כוסות — ווער עס האט געקריגן וויין פון ארץ-ישראל אויף פסח, און ווער עס האט ראזינקעס-וויין, העיקר, זיין טעם און קאליר. נו, און סתם אזוי שמחת חול-המועד, חתנים, כלות, און ווער עס פארט צו דער כלה אויף די צווייטע טעג, ווייל אויף די ערשטע טעג איז קיינמאל קיין רייד ניט געווען, לא יזכר ולא יפקד, אז א חתן זאל פארן אויף די ערשטע טעג צו דער כלה; דאס איז פשוט א זינד

געוועז. איך געדענק ניט, אז דאס זאל פאסירן. דערצו איז נאך געוועז צו רעדן איבער דעם אריינברענגען דעם פסח בכלל, ווי שווער עס איז אנגעקומען.

דאס ערשטע איבער דעם קאלכן די הייזער, וואס דאס איז געוועז אין כמעט אלע יידישע הייזער א מנהג פון קדמונים, אין שיכות פון כשרות, און די אלע שוועריקייטן דערביי, בפרט אז עס איז נאך געוועז א שפעטער פרילינג, און דער שניי האט נאך געשטערט, אדער די גרויסע בלאטע — איז דאס קאלעכן אנגעקומען מיט מרור, און דערפאר איז טאקע דער תענוג נאך דעם געוועז גרויס... היינט דאס קליידן זיך אויף פסח! דאס איז אגאנץ באזונדער קאפיטל. ניט אלע יידישע משפחות האבן זיך געקענט דערלויבן דעם לוקסוס, עס האט זיך גאנץ אפט געטראפן, אז די קליידער נייער האבן פאר זיך, ליידער, קיין בגד אויף יום-טוב ניט געקענט זיך דערלויבן. די, אבער, וועלכע האבן זיך יא געמאכט ספעציעל אויף יום-טוב א בגד, האבן אין פארשידענע צוזאמענטרעפן, צו אין בית-הכנסת, צו סתם איינער ביים צווייטן צו גאסט, זיך געטוישט מיט מיינונגען, איבער דער קוואליטעט און שיינקייט פון דעם בגד. אזוי אויך מיט שיך און אנדערע קלייניקייטן. דערביי האט מען אריינגעכאפט א שפאר ביסל געלעכטער איבער פראוועז דעם סדר, ווי אזוי עס איז פארגעקומען פארשידנ-פארביק אין אלע יידישע הייזער, און ניט פון איין יידישע שטוב איז געוועז צו דערציילן און דערציילן גאנצע געשיכטעס, און גאנץ אפט פריילעכע.

דער ליבער, ווארימער זומער קומט אן, און אלעס וועט זיך צובליען און צו-וואקסן, און דער שווערער ווינטער וועט אוועק מיט זיינע קעלטן און שוועריקייטן. די פרנסה פון א סך הארעפאשנע יידן וועט מיט דעם אנקומענדן זומער זיך פארבעסערן. מולערס, טעסלערס וועלן אויפלעבן מיט דעם אנקומענדן זומער, ווייל זייער פאך איז אין ווינטער זייער שוואך צוליב די קעלטן. אויך די יוגנט וועט אביסל פרייער ארויסשפאצירן פון די ענגע געסלעך פון שטעטל. און אזוי ווערט אין אלע געביטן פריילעכער מיט דעם זומער אנקום.

אויך אונזער שטעטעלע מערוויץ, האט זיך באזונדער און אפטמאל צו זאמען מיט מלינאוו, מיטגעמאכט די אלע אויבנדערמאנטע פארלויפן מיט קליינע אויסנאמען, ווי צ.ב.ש. ביז דער ערשטער וועלט מלחמה, האט אגאנץ היבש ביסל יארן, געבאקן מצות אין דער אזוי גערופענער "טאליקע": מען האט צונויפגעזאמלט מיידלעך און ווייבער פון שטעטל, און פון פרימארגן ביז די אוונט שעהן געוועלגערט די מצות. צום קנעטן, שיבן און אפטראגן די מצות יעדן אהיים, זענען מענער געוועז מער פעהיקער; רידלען און מעל מעסטן, דאס האבן געטאן די יונגע. איך געדענק נישט גענוי, וויפיל האט א מצה ארבעטער פארדינט אין די 3-4 וואכן, ארבעטענדיק 12-13 שעה א טאג, אבער אין שטעטל

האט מען גערעדט אז די און די וועלן שוין פארדינען אויף פסח.

אזוי איז עס געווען ביז א דריי יאר פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה; קיין אנדערע פארמען פון מצה באקן, אויסער דורך א "טאליקע", ניט געווען. ביז איינמאל האט א געוויסער פסח רימער געבראכט א מאשין, באצאלט דעם רב פאר לייגן דעם הכשר, און זיך געשטעלט באקן מצות מיט איר. און געוויינלעך, ווער האט געגעבן ענערגיע צו דרייען די רעדער פון דער מאשין? מענטשן. מיר, קונדסים, זענען אלע מאל געלאפן פון חדר כאטש א קוק טאן דורכן פענסטער, ווי אזוי דאס נייע ווונדער מאכט דאס, וואס 20 פרויען האבן פריער געמאכט. און ווען פתחיה רימער האט זיך ניט געקענט אפטרייבן פון די צעקאווע חדר-ייִנגלעך, האט ער אנגערייצט זיינע הינטלעך, וואס נאר ער איינער פון די אלע יידישע הייזער האבן געהאט, און מיר זענען שוין מער ניט באפאלן די שטוב פענסטער, כדי צו זעען די ווונדער מאשין. און נאך דער ערשטער וועלט-קריג האט שוין מערוויץ אליין מער קיין מצות ניט געבאקן, נאר געגומען אין מלינאוו.



אבער דער עיקר וויל איך דא דערמאנען, ווי אזוי מיר האבן געבאקן מצות אין ערשטן יאר, ווען די היטלערישע באנדיטן ימ"ש זענען שוין געווען ביי אונדז, אין יאר 1942, און איין מאל נאך דעם ווינטער, איידער מיר זענען אוועק פון מלינאוו, אין יאר 1945.

ובכן, וועגן באקן מצות אין יאר 1942 האט קיין רייד ניט געקענט זיין, ווייל דאס איז געווען איינפאך לעבענס-געפערלעך, ווען דאס וואלט, חלילה, אנדעקט געווארן. און, ווי מיר ווייסן, האט דער מענטש שטענדיק א דראנג צו פארבאטענע זאכן, און אזוי איז געווען אויך אין דעם פרט. באזונדערס האט זיך אונז געדאכט, אז אין זכות פון דער מצוה, און אפשר אויך פון די גוטע ווונשן, וועלן מיר אפשר געהאלפן ווערן, אפשר וועט עמעצער ווינשן א הילף אין אזא גוטער שעה, וואס דער ווונש וועט מקוים ווערן? געבאקן און געווונשן האט מען זיך, אבער די גוטע ווונשן זענען ניט מקוים געווארן. און כדי צו צודעקן מעינא בישא דאס באקן, האבן מיר, נאך ניט זייענדיק דאן אין געטא, זיך פארקליבן אין א שטוב, וואס שטייט נישט ביים הויפט שליאך מלינאוו-לוצק. דאס איז געווען ביי מיין שוואגער, נטע גרובער ע"ה, אויף ברעכיוו. זיין שטוב איז געווען אויך אביסל פארשטעלט פון ביימער פון מיכאלאווסקעס סאד, און דארטן האבן געבאקן מצות אייניקע קרובים מיינע, ווי מיין פעטער חיים-מאיר ז"ל, מיט זיין משפחה, מיין ברודער יעקב-יוסף ז"ל, מיט זיין משפחה און מיין פעטער יעקב גרובער ז"ל און מיין שוואגער יעקב און חייקע ז"ל מיט זייערע

משפחות. און אזוי איז דאס געווען אויך אין אנדערע הייזער, עטליכע צוזאמען — און מען האט געבאקן. מעל האב איך באזארגט פון דער מיל, ווו איך האב גע-ארבעט, באזונדערס האט מען נאך ביי א בעסערן גוי געקענט איבערבייטן א קלייד, א שוך, און נעמען דערפאר מעל. דאס באקן איז פארגעקומען דוקא בייטאג, בכדי די נאכט-שיין זאל, חלילה, אמאל נישט וועלן אינטערעסירן די שונאים — וואס שיינט דארט עפעס ?... און ביי דעם ווערגערן און באקן, האט יעדער זיך, וואס אן אמת, געווונשן גוט, אבער מיט בלוטיקע טרערן, וועלכע האבן זיך אליין עפעס געגאסן פון די אויגן, כאילו יעדער האט געהאט א פארגעפיל, גאט ווייסט צו איבער א יאר וועל איך נאך חאטש אזוי באקן מצות...

און ווי אויף צופיקעניש די שונאים, האט נאך יעדער מיט אלע שוועריקייטן געקראגן ווער אן עוף און ווער א שטיקל פלייש, אפגעווישט די טרערן און געפראוועט א סדר.

וואס עס איז פארגעקומען ביי די סדרים-טישן, קען מען בשום אופן נישט ארויסשרייבן, אזעלכעס האט נאר געקענט פארקומען אין שפאניען בא די אנוסים, און אין נאך ענלעכע ערטער. טרערן האבן זיך יעדן געגאסן אזוי ווי וואסער. יעדער האט געהאט דאס פארגעפיל, אז ער פראוועט דעם לעצטן סדר אין לעבן. אלט ווי יונג, אלעס דעם זעלבן פארגעפיל.

די פאר טרויעריקע פסח-טעג זענען פאריבער ווי געוויינלעך. פון פסח האלטן אלס יום-טוב האט קיין רייד ניט געקענט זיין. אלע האבן געארבעט, יעדער איינער ווי ער האט נאר געהאט בא וואס, ווייל דעם שונאס האנד האט אין פסח אויך ניט אפגעלאזט דעם שטעקן. באלד נאך פסח, האט מען אנגעהויבן פאדערן מענטשן קיין ראוונע אויף ארבעט. ס'איז געווען גענוג ביטער אין דערהיים די ארבעט, בפרט קיין ראוונע, אבער מען איז דאס אויך ביי-געקומען מיט נאר געציילטע קרבנות, צווישן וועלכע עס זענען געווען גרשון פייסעס צוויי זין, א צווילינג. זיי האבן זיך שוין צוריק ניט אומגעקערט פון די מערדערס הענט. אנדערע האבן, דאך, נאך באוויזן אנטלויפן צוריק אהיים ווי, למשל, אשר נחומס, אברהם חייקעס און אנדערע. דאס איז געווען א גרויסע הצלחה, אפגעקומען מיט געציילטע קרבנות.



עס איז אונז, די פארבליבענע פון דער גרויסער שריפה, נאך אויסגעקומען צו זיין אין מלינאוו 15 חדשים בערך, און אין דער צייט-אפשניט, איז אונז אויסגעקומען צו באקן איין מאל מצות מיטן באוווסטזיין, אז חאטש מיר זענען באפרייטע און מיר באקן די מצות פריי, ווייסן מיר, אז אין מלינאוו באקן מיר

שוין דאס לעצטע מאל מצות, און מער וועט שוין דא קיינער, קיינער קיין מצות נישט באקן...

געבאקן האט מען ביי מיר אין שטוב, ווו איך מיט מיין פרוי סאניע און די דריי געשוועסטער קינדער האבן געוווינט, בא יעקב טסלר ז״ל אין שטוב. און אלע, די מלינאווער פארבליבענע, און אייניקע מחוץ מלינאוו, וועלכע זענען נאך דער באפרייאונג, צוליב פארשידענע סבות אריין קיין מלינאוו, און אייניקע יידישע אפיצירן פון דער רוסישער ארמיי. עס האט אונז דאן שוין ניט געפעלט קיין זאך, ווי למשל מעל, האלץ, און אלע נויטיקע זאכן, וואס עס האט זיך געפאדערט צו די מצות-באקן. געפעלט האבן נאר די בעסטע און די ליבסטע. און מערקווירדיק איז דאס, וואס אין לעבן קען מען אזעלכעס אין נארמאלע צייטן נישט באגעגענען. און דאס איז וואס מען האט געבאקן די מצות און דערביי געזונגען וואס עס איז אריין אין מויל אריין, אויף צופיקעניש די שונאים, וועלכע האבן זיך געדרייט ארום אונז, האלטנדיק אז היינט, בא דער הערשענדער מאכט, זענען מיר די מיוחסים, און נישט ווי פריער, ווען זיי זענען געווען דאס אויבערשטע פון שטייסל, וועלכע האבן אונז אין זייער גוטע לאגע אסך שלעכטס געטאן, ניט ווייניקער ווי די דייטשן.

איז אונז געבליבן נאר דאס איינציקע, צו נקמה נעמען דורך אזא וועג, ווי צוריק באקן מצות פראנק און פריי, כאילו מאך זיך א הארץ און זינג נאך דערביי א ליד, כאטש די בלוטיקע טרערן זענען נאך אינגאנצן אויף דיין פנים. און דערצו נאך, האבן מיר שוין געוווסט, אז אין געציילטע וואכן וועלן מיר זיך פארנעמען אין גאנצן פון מלינאוו.

ב׳ תמוז התש״ה האבן מיר פארלאזט מלינאוו אויף אייביק.



רחוב רובנה.

אהרן הררי

# המתגייסים

מאז ומאתמיד השתמטו היהודים מלשרת בצבא זר: היו משחדים את קציני הגיוס לשם השגת תעודת שחרור, ומי שידו לא השיגה זאת ניסה לעשות לו מום גופני. היו קוטעים אצבע מהיד הימנית, הלוחצת על ההדק או גוברים בחוט ברזל באוזן, כדי להחרישה, או קופצים מגובה, כדי לקבל שבר מפסעתי. שיקה שחמן, למשל, סיגל לעצמו שיעול מרעיש אזניים, וכאשר התייצב לפני הוועדה הרפואית הצבאית והשמיע את שיעולו המבוים — נבהלו כולם וחשבוהו כחולה שחפת. שיקה קיבל שחרור מידי, למרות היותו בריא ושלם ולא משתעל בכלל...

בתקופתי, כאשר בני גילי היו צריכים להתייצב, היתה נהוגה שיטת ההסתגפות. שבועיים סמוך להתייצבות היו מתנזרים משינה ומאוכל, מתהלכים בלילות ו"עושים שמח", וביום נוסעים הרבה על אופניים עד לאפיסת הכוחות. המזון העיקרי היו גרעיני חמניות ועוגיות אפויות מבצק עם שמן קיק, כאמצעי לשלשול, כל אלה גרמו להרזיה ולמיחושים אורגאניים. אך למעשה לא היו לדברים השפעה בבדיקה הרפואית הצבאית. כנראה, ידעו הרופאים שהיהודים מכינים את עצמם לקראת ההתייצבות, וזה רק גרם לטשטוש המימצא הרפואי,



חורף — על רקע הגן של הגראף. ווינטער.

ואפילו אלה שבריאותם היתה לקויה באמת, לא קיבלו שחרור אלא דחיה לשנה. רק יחידים קיבלו שחרור במקרים יוצאים מהכלל אחרי בדיקה חוזרת ונשנית.

להתהלך בלילות ולעשות שמח היתה כעין חובה. ואם נעדר אחד המתגייסים, היו צובאים על יד ביתו ושרים ליד החלון "אז מען רופט, מוז מען גיין, עס העלפט ניט קיין געלעכטער קיין געוויין" (כאשר קוראים יש ללכת, לא יעזרו צחוק ולא בכי), עד שניאות לקום ממיטתו ולהצטרף אלינו. לא פעם נתקלנו בחירופים ובגידופים מצד ההורים והשכנים, שהטרדנו את מנוחתם. אך כל זה לא הפחידנו, כי הן היינו בבחינת צבא בדרך.

היה חוג מסויים של צעירים בלתי מאורגנים, ומחוסר מעש ומשעמום היו מתאספים בערבים בכיכר המרכזית וממציאים כל מיני מעשי קונדס. למשל: לקחו חוט דק וארוך וחיברו אותו לחלון אחד הבתים והחברה הסתתרו בין השיחים במרחק מה מהבית וניענעו את החוט באצבעות כמו בכלי מיתרים. הדבר היה משמיע זמזום בבית והדיירים לא ידעו את פשר הדבר. מדי פעם, כאשר יצאו החוצה לבדוק את הסיבה, הפסיקו במלאכה, וכאשר חזרו חדשו את הנענוע... אחר כך היו עוברים לבית אחר. או "קונץ" אחר: היו מכניסים בילבול בשלטי העסקים. את השלט של המספרה תולים על האיטליז, ולהפך... וכך היו עושים בכמה רחובות. או, למשל, היו אוספים כל מיני גרוטאות, רהיטים וסולמות ובונים מהם מגדל במרכז העיירה.



שייט על נהר איקווה.

כל המלאכה הזאת נעשתה בליל שבת באין מפריע, ובשבת בבוקר, כאשר הקהל היה הולך לבית הכנסת, לא האמין למראה עיניו... היו שהאמינו במעשי שדים ורוחות. אף פעם לא נודע ידי מי במעשים אלה, פן יתנקם הדבר בכולם. וגם אם נפל החשד על מישהו, פחדו לעשות בו שפטים מתוך חשש נקמה. והמשטרה לא התערבה בזה, כי לא ראו את הענין כמעשה פלילי.

ברוך מערען
באלטימאר

# א פאסירונג אין שטעטל

ווער עס איז געבוירן און דערצויגן געווארן אין א קליין וואלינער שטעטעלע, ווי מיין שטעטעלע מלינאוו, וועט קיינמאל נישט פארגעסן די קינדער יארן, דעם חדר, און אפילו די פעטש פון דעם מלמד... די שול און, להבדיל, אפילו די באד... די פריילעכע און שיינע ימים-טובים, ווי דעם פרילינג יו״ט פסח, שבועות, וועלכע האבן געגעבן אזוי פיל אינהאלט אין לעבן... היינט, די שיינע נאטור ארום שטעטל, און די מחיהדיקע פרישע לופט אום זומער.

דעם אמת זאגנדיק, איז די לופט אין שטעטל נישט געווען אזא לויטערע און פרישע, ווייל משה מלמדס קאליעזשע, וואס איז געשטאנען גרין א גאנץ יאָר און די קאטשקעס פון שטעטל האבן זיך אין איר געפליוסקעט, האט זיך אביסל אויס-געמישט מיט דער גוטער לופט און זי קאלע געמאכט... דערצו נאך ווען א יידענע האט געוואלט, האט זי אויפגעעפנט די טיר פון דער קיך און פליוך, ארויסגעגאסן די שמוציקע וואסער אויף דער גאס פאר דער טיר... דערפאר, ווען מען האט זיך געוואלט דערקוויקן מיט אמת גוטע, פרישע לופט האט מען גענומען, א שפאציר הינטער דער שטאט, ווו שמעקעדיקע גרינע פעלדער און לאנקעס האבן זיך צעשפרייט פאר אייערע אויגן.

ווי דער שטייגער אין אלע קליינע שטעטלעך, זענען די קרעמערס געשטאנען אין די קלייטן און ארויסגעקוקט אויף קונים. קרעמערס פלעגן זיך אפט קריגן צווישן זיך צוליב א קונה. אז ס'איז געקומען יום-כפור, האט מען זיך איבערגעבעטן... און נאך יום-כפור האט זיך אנגעהויבן דאס אלטע, פונקט ווי פריער. אפילו צווישן די בעלי-מלאכות איז אויך אנגעגאנגען א קאנקורענץ.

די גבירים פון שטעטל האט מען געקענט אויפציילן אויף די פינגער. די מערהייט זענען געווען בעל-בתּישע קבצנים... און האבן געלויבט דעם רבונו של עולם פאר דעם ביסל, וואס ער האט זיי געשאנקען. אז עס איז געקומען שבת איז געקומען רו פאר דער נשמה און פאר דעם גוף. שבת איז יעדער ייד געווען ביי זיך אין הויז ווי א מלך. דאס הויז ציכטיק אויפגערוימט, דאס ווייב און די קינדער אנגעטאן אין ריינע, שיינע שבתדיקע קליידער לכבוד שבת. די ארעמסטע פרוי האט געבאקן חלות אויף שבת, געקאכט פיש און געשטעלט טשאלענט.

שבת בייטאג, נאך דעם שלאף, פלעגן די איידעלע יידן זיצן מיט רחבות ביים טיש מיט דער פארשמאלצעוועטער יארמעלקע אויפן קאָפּ און ארבע כנפות אויפן ווייסן העמד און טרינקען מיט הנאה א הייס גלעזל טיי, און בעת מעשה ארייננקוקן אין א ספר. דאקעגן, די בעלי-מלאכות און סתם עמך, האבן נישט מדקדק געווען אויף עובר זיין דעם תחום שבת. זיי האבן גענומען זייערע ווייבער און קינדער און ארויסגעשפאצירט הינטערן שטעטל, זיך אויסגעלייגט אויפן גראז און איינגעאטעמט אין זיך די מחיהדיקע לופט פון פעלד און וואלד...

וווּנדערבאר זענען געווען די פעלדער אום חודש תמוז, ווען די הויכע זאנגען אין זייער גאלדענעם קאליר האבן זיך געשאקלט פונעם ווינט ווי ים-כוואלעס; מיט די קעפּ אייגעבויגן צוליב דער לאסט פון די צייטיקע קערנער. די שטעטלדיקע יידן, איבערהויפּט די תבואה-סוחרים, פלעגן דאן ארויסשפאצירן הינטערן שטעטל, באטראכטן די פעלדער, אפּגעריסן עטלעכע זאנגען, צערייבן אין דער זשמעניע, באטראכט די קערנער און ארויסגעזאגט מבינות... און גלייכצייטיק צוגעגעבן, אז מען קען שוין באלד צוטרעטן צום שניידן די תבואות. די קרעמערס און אויך די בעלי-מלאכות האבן ארויסגעקוקט מיט אומגעדולט ווען די פויערים וועלן אראפּנעמען די תבואות פון די פעלדער און וועלן האבן מיט וואס צו קויפן און צאלן חובות. מיר, די יידן, האבן זיי צוגעשטעלט זאלץ, צוקער, מאנופאקטור, און זיי האבן געמאכט וואקסן די שיינע, ברייטע פעלדער. כ׳האב זיי שטענדיק מקנא געווען. פארוואס לעבען זיי ווי א נארמאל פאלק אויף זייער לאנד? און מיר, יידן, לעבען פון ווינט?... אלס יינגעל איז מיר געקומען אויפן געדאנק, וואס איך האב נישט לאנג געלערנט אין חדר, אז מיר, יידן, האבן אויך אמאָל געהאט א לאנד מיט אייגענע פויערים. ביז היינט פיל איך די טראגעדיע פון דעם פסוק: ומפני חטאינו גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו.

דאס ״שיינדעל״ פון שטעטל איז געווען דעם גראפס ״הויף״, ניט געקוקט וואס קיינער האט ניט געטארט אהין ארייננקומען. דאס ווערטל ״וואס קומט מיר ארויס פון מיין פויליש רעדן, אז מען לאזט מיך אין הויף נישט אריין״, איז געווען ריכטיק אין אונזער פאל. פון די יידן אין שטעטל האט בלויז מיין זיידע געהאט די זכיה ארייננצוגיין אין הויף, ווייל הערשקא איז געווען א נוצליכער ״זשיד״ (ייד). ער איז געווען א פאדריאטשיק און געארבעט פאר דעם גראף. אז יידן האבן געדארפן א טובה פון גראף, איז מיין זיידע הערש גאלצעקער געווען דער פארמיטלער. יעדער האט געוווּסט, אז ער האט נושא חן געווען אין די אויגן פונם גראף און דער גרעפין... אלע האבן אין שטעטל גערעדט, אז הערש גאלצעקער קושט דער גרעפינס האנט, ווען ער גריסט זיך צו איר. מיין זיידע

פלעגט אונז, אייניקלעך, דערציילן וווּנדערלעכע געשיכטעס פון דעם לעבן אין "הויף".

אז דער זומער פלעגט זיך ענדיקן און עס האט זיך געשטעלט דער הערבסט, האט דאס שטעטל באקומען א טרויעריק אויסזען. צוליב די רעגנס און די טיפע בלאָטעס האָט מען געמוזט זיצן אין די הייזער, און עס האט גענאָגט ביי דער נשמה. די נאטור ארום איז געווען ניט צו דערקענען. טרויעריקע און נאקעטע האבן זיך געשאקלט די ביימער אויפן ווינט. די גערטנער זענען שוין געווען פוסט. די לעצטע זענען געווען די קארטאפעל אויסגעגראבן און אנגעשאטן צו ווערן אין די קעלערס פאר דעם לאנגן ווינטער, ווייל אינגיכן פלעגט די ערד געפרוירן ווערן און א ווייסער שניי פלעגט באדעקן די פעלדער פאר א גאנצן ווינטער. איבערהויפט האט דאס אנגעווארפן א שרעק אויף די ארימע משפחות. די הוצאה איז געווארן גרעסער, מען האט געדארפן אנגרייטן האלץ פאר באהייצונג, קויפןווארעמע קליידער, דער עיקר שטיוול, וואס זענען שטארק צוניץ געקומען.

ווינטער האבן די ידן פון שטעטל פארבראכט מער אין דער שול, אויסגעזעצט זיך אויף די בענק ארום א לאנגן טיש נעבען דעם ווארעמען אויוון האבן יידן געלערנט געשמאק אין די לאנגע אווענטן, אפילו די פשוטע יידן פלעגן זיך אויך צוזעצן ביי א זייט און אנשטעלן אן אויער צו הערן א תורה ווארט.

אין שול האט מען אויך געקענט אויסגעפינען די פרייזען אויף די תבואות, וואס איז געווען דער הויפט-מסחר, געדונגען בעלי-עגלות צו פירן די תבואה אין שטאט אריין. מען פלעגט אין שול אויך שמועסן וועגן וועלט-געשעענישן, און בכלל אויסגעפינען די נייעס פון דער וועלט... ס׳פלעגט אפט אויסברעכן א מחלוקת אין שול צוליב קהלשע ענינים. אין אזעלכע קאנפליקטן זענען שטענדיק געווען צוויי צדדים, און דאס שטעטל איז געגאנגען כאדאראם. יונג און אלט האבן גענומען אן אנטייל אין די קריגערייען. ווען נישט דאס, וואלט דאס לעבן אין שטעטל געווען צו לאנגווייליק.



און איצט וויל איך דערציילן אן עפיזאָד, וואס האט געשטעלט דאס גאנצע שטעטל אויף די פיס.

אין מלינאוו, ווען בחורים זענען געווען 21 יאר אלט און זיך באדארפט שטעלן צום פריזיוו, זענען עלטערן געווארען שטארק פארזארגט. וועלכע עלטערן האבן דאס געוואלט, אז זייערס א זון זאל זיין א סאלדאט און עסן טריפה פון דער סאלדאטסקער קיך? טאטעס האבן שטיל געקרעכצט, און מאמעס האבן

געבראכן די הענט... אבער נישט מיר, די בחורים, די רעקרוטען, ווייל ווען מען איז יונג קען מען פון א טראגעדיע מאכן א קאמעדיע... מיר האבן זיך דאס נישט גענומען אזוי שטארק צום הארץ, כדי זיך ארויסצודרייען פון גיין דינען איז געווען איין מיטל: זיך צערען, ד.ה., נישט עסן און נישט טרינקען גענוג, לעבען בלויז אויף טרוקענע סוכארעס און טרינקען טיי אן צוקער; אזוי ארום האט מען געקענט האפן אויף א "סטראטשקע" און אמאל אינגאנצן באפרייט צו ווערן. 4 וואכן פלעגט דאס זעלבסט פייניקונג אנגיין. כדי צו פארטרייבן די צייט האבן זיך רעקרוטען צוזאמענגענומען אלע נאכט אויף איין פלאץ און אויסגעארבעט א פלאן ווי אזוי צו פארברענגען די נאכט... דאס מין פארברענגען איז באשטאנען פון ארומגיין זינגען הינטער די פענסטער, איבערהויפט, ווו מיידלעך זענען געווען... אפטאן שפיצלעך געוויסע בעלי-בתים. רעקרוטן האבן געמעגט אין מען האט זיי מוחל געווען, ווייל זיי זענען שוין געווען כמעט פארעכנט פאר סאלדאטן...

איין נאכט, ווען מיר, רעקרוטן, האבן נישט געהאט צו דער האנט קיין פלאן און מיר האבן געוואלט עפעס אפטאן, אז שטעטל זאל אונז געדענקען, זענען מיר אוועק צו שמואלן, דעם לץ פון שטעטל. (איז א שוואגער צו יצחק למדן). שמואל איז שוין דאן געווען א בחור ראוי לחופה. ער איז געווען באוווסט פאר א יודע ספר, ער האט אריינגעבראכט ציוניזם אין שטעטל, געגרינדעט א בית-ספר, א ביבליאטעק, בכלל געפרוווט צו מאדערניזירן דאס שטעטל. מען האט געהאט פאר איר דרך ארץ. ער האט ליב געהאט אָפּצוטאָן שפיצלעך די בעלי-בתים און דערפאר האט מען אים גערופן שמואל דער לץ... (ער איז איצט א תושב אין ישראל). מיר זענען אוועק, ווי געזאגט, צו שמואלן, אויפגעוועקט אים פון שלאף, ממש ארויסגענומען אים פון בעט. ער האט אויסגעריבן זיינען שטענדיק רויטע אויגן, אנגעטאן זיינען שפאקולן און א זאג געטאן אין א האלב שלעפעריקן קול:

"נו, חברה, איר דארפט מיר ניט זאגן וואס איר ווילט, כ'זע, אין אייערע פארפלאמטע באקן און גלאנציקע אויגן, אז איר ווילט עפעס אפטאָן היינט ביינאכט, און געוויס ווילט איר מיין עצה?...".

"געטראָפן" האָבן מיר אלע מיט איין מאל געענטפערט.

"כ'האָב פאר אייך א פלאן", האט שמואל לץ געזאגט, "היינט איז דאנערשטיק ביינאכט און מארגן איז פרייטיק ערב שבת, און יידען דארפן פרייטיק גיין אין באָד אריין זיך אויספארען די ביינער און זיך ארומוואשן לכבוד שבת. ווייסט איר דאָך, וויל איך פון אייך, אז איר זאלט אויסהייצן די קהלשע באד, און אלע בעלי-מלאכות און ארימעלייט זאלען אריינגעלאזן ווערן אומזיסט, אן געלט...

זיי קומט אויך עפּעס צו געניסן אויף דער ערדישער וועלט... זאָלן זיי זיך גוט אויספּארען און ארומוואשן לכבוד שבת צו להכעיס אלע שיינע בעלי-בתים... ווייל אפילו אין באָד די שיינע יידען פאַרנומען די העכסטע בענק... אזא סאציאלע אומגערעכטיגקייט!" שרייט שמואל אויס מיט צארן.

"גערעכט!" זאגען מיר אלע, "אבער ווו וועלן מיר נעמען האלץ אויף צו הייצן די באָד?"

"עס וועט זיין האלץ", זאגט שמואל, "איר וועט זיך ארויסלאזן איבער די גאסן און הויפן (פאר יעדען הויז איז געווען א שטיקל הויף) און צוזאמענשלעפן אלץ, וואס לאזט זיך: בענק, טישלעך, קלעצער, אלטע ברעטער, וועלכע וואלגערן זיך נעבן די הייזער, אלטע טירן... אלץ, וואס קען ברענען... איך זאָג אייך, חברה, ס'איז פאר א גוטן צוועק, הירא ורך הלבב ילך וישוב לביתו!..."

זיינע ווארעמע ווערטער האבן אויף אונז געווירקט גאר שטארק, און מיר האבן זיך א נעם געטאן מיט דעם יונגען פלאם אויסצוהייצן די באד. מיר האבן צונויפגעשלעפט אלץ, וואס איז נאָר געקומען אונטער דער האנט און אנגעווארפן אויף איין בארג נעבן דער באָד. מיר האָבן אויפגעוועקט דעם בעדער, וועלכער איז אויך געווען א שמש אין סטאָלינער שולכל און דער קברן אין שטעטל, פון אלע פרנסות האָט מען אים געדארפן ארייַנשיקן אויף שבת... מיר האָבן אים באפוילן, אז ער זאל זיך באלד נעמען צו דער ארבעט און אויסהייצן א הייסע באד... מיר האבן אים געהאלפן אנגיסן די מקוה מיט וואסער, אריינגעווארפן די קלעצער אין די גרויסע 2 אויוועגס. דער בעדער האט מיט שרעק אויסגעפאלגט אונדזער באפעל און אונדז צוגעזאגט אויסצופירן אונדזערע פאדערונגען: למעה"ש ארייַנלאָזן אומזיסט אלע בעלי-מלאכות און אָרעמע יידען אין באד אריין.

פארטאָג זענען די חברה רעקרוטן מידע אייַנציקווייז זיך צעגאנגען אהיים כאפן א דרימל.

אויף מארגן, פרייטיק אינדערפרי, האט זיך דאס שטעטל דערוווסט, וואס די רעקרוטן האבן אפגעטאן. איינער האט איבערגעגעבן דעם אנדערן, וועמען עס האט געפעלט א באנק, א טישל, א קלאָץ, וואָס איז געלעגן יאָרן נעבן דער טיר. געשאלטן אין טאטן אריין... די קינדער פון די חדרים, וועלכע זענען אָפּגעלאָזן געוואָרן, ווי געוויינלעך, פרייטיק נאָך האלבן טאָג, האָבן זיך אויך דערוווסט די נייעס, זענען זיי ארומגעלאפן איבער די גאסן און געשריען: יידן, אומזיסט אין באד אריין!

בעלי-מלאכות, וואס זענען נאר וואס געקומען פארבלאטיקטע פון די דערפער, ווו זיי האבן זיך געוואלגערט, האָבן געכאפּט אויף שנעל די שבתדיקע ווייסע ריינע וועש און זענען אוועק אויף שנעל אין באד אריין. יידן האבן זיך מחיה

געוועזן מיט דער הייסער פארע אויף דער אייבערשטער באנק און געשריען:
"פאדאווייי! פאדאווייי!" דאָס האָט געמיינט, גיסן נאָך מער הייסע וואסער אויף
די הייסע שטיינער און פארגרעסערן די היץ... "שמייסט זיך, יידעלעך, אויף
צעפיקעניש ר׳ יוסל בערגערן", האט געשריען שלמה דער קרומער שוסטער.
"אי, אי, ס׳איז גוט," האט געשריען דער רויטער שאיע. "שוין לאנג אזא מחיה-
דיקע באד נישט געהאט!... משה, דערלאנג מיר נאך א שמייס אין דער רעכטער
זייט, עס צעגייט זיך אין יעדען גליד... א ברכה אויף דער חברה רעקרוטן;
אין דעם זכות זאלן זיי באפרייט ווערן און זיין יידן אין דער היים", שרייען אלע.

די "שיינע" בעלי-בתים פון שטעטל האבן "באיקאָטירט" און נישט געגאנגען
דעם פרייטיק אין באָד אריין. פון דעם האבן מיר פארשטאנען, אז עס וועט שוין
זיין "פריילעך" אין דער טריסקער שול. אזוי איז טאקע געווען.

שבת אינדערפרי, באלד נאך תפלת שחרית, איז דער שמש ארויף אויפן
בעלעמער און אויסגערופן, אז ר׳ יאָסל לעמעלס דער גבאי האט עפעס וויכטיקעס
צו זאגן, לכן זאל זיין שטיל, געבענדיק דערביי א קלאפּ מיט זיין האנט אויפן
שטענדער. באלד זיינען ארויפגעקומען אויפן בעלעמער אלע דריי יאָסעלס:
יאָסעל מאירס, יאָסעל לעמעלס און יאָסל ליפעכעס. זיי זענען געווען דער
קאָמיטעט, וואָס האט געזארגט פאר די קהלשע באדערפענישן.

דער ערשטער, וועלכער האט גענומען דאָס וואָרט איז געווען יאָסעל
לעמעלס, דער גרעסטער בעל-דעה זאגער און איבערגעגעבענער עסקן, א שיינער,
הויך געוואוקסיקער איד, מיט א גאנץ נישקשהדיקען בויך, וואָס האט דערוועקט
דרך-ארץ ביי יידן... ער האט מיט כעס א קלאפּ געטאָן אויפן שטענדער און
זיין טיף באסאווע שטים האט ארויסגעלאזט א קול ווי א דונער.

"רבותי, יידען! איר זאָלט וויסען זיין, אז די "שקצים", די רעקרוטן, האָבען
אונז שיער פארברענט די באד... אזוי פיל הארעוואניע אריינגעלייגט אין איר,
געהערט אזא הפקרות? אין טורמע וואָלט איך זיי געשיקט פאר גנבענען האלץ..."

באלד האָט זיך גענומען הערן קולות מיט זידלערייען, פארטויבט צו ווערען.
די עלטערן פון די רעקרוטן האבן זיך נעבעך געפילט שולדיק און עס האט
געהאלטן, אז מען זאל אויסלאזן צו זיי, ווייל מיר, די "שולדיקע" האבן זיך
באלד אפגעטראגן... בקיצור, ס׳האט געהאלטן ממש ביי פעטש. די בעלי-מלאכות
און די געזונטע יונגען האבן זיך געהאלטן צוזאמען אין אונטערשטן שטיבל,
גרייט אנצווועגדן זייערע געזונטע קולאקעס. אבער דא האט זיך אריינגעמישט
ר׳ יהודה לייב למדן (פאטער פון באוווסטן העברעאישן שרייבער יצחק למדן),
א ייד, וואס זיין נאמען האט פאר אים געפאסט, איז געווען א גרויסער למדן

און א ירא שמים, און אלע האבן אים געאכטעט. ער האָט מפסיק געווען פון זיין לערנען, אויסגעגלייכט דעם טלית איבערן קאָפּ, בלויז א שטיקל פּנים האט ארויסגעקוקט, האט צעשפּרייט די הענט און זיך גענומען בעטן ביים עולם מיט רחמים: „רבותי, איך בעט אייך, זאל זיין, שטיל! ס'איז דאך א חילול השם, יידען זאלן זיך אזוי קריגן, דערצו נאך אין א מקום קדוש... וואס שייך,



קבוצת חברים.

בדיעבד, אז זיי האבן שוין די זאך אפגעטאן, איז דאך פארפאלן! נאך אלעמען זענען זיי דאך יידישע קינדער... און האבן גאר אויפגעטאן א וויכטיקע זאך: ארימע יידן האבן זיך ארומגעוואשן לכבוד שבת, און דאס איז א גרויסע מצוה... אין דעם זכות וועט זיי ג' העלפן און באפרייט ווערן פון דינסט און זיין פרומע יונגעלייט אין זייערע עלטערנס היימען".

בעלי-בתים האבן זיך באלד בארואיקט און האבן מוחל געווען די רעקרוטן פאר זייער „שקציש" שטיקל ארבעט... אז ר' יהודה לייב למדן הייסט, מוז מען פאָלגן.

סאניא און מענדל טייטלמאן

# ברויט און האלץ

מיט יעדער לעבנסבאדערפעניש זענען אונזערע ברידער און שוועסטער געווען געדריקט זייער גאנץ לעבן. און ס׳איז נישט געווען קיין גרויסער אונטערשיד פון די רייכערע שיכטן ביז די גאר ארעמע. ווייל די וואס זענען געווען כלומרשט בעסער באמיטלט און האבן געהאט מעגלעכקייטן זיך איינקויפן די 4—5 פורלעך האלץ אויפן ווינטער צום קאכן — איז דאס אויך ביי זיי געווען א גרויסע אויסגאבע, אבער אויך אן אנפארמיידלעכע. אן האלץ האט קיינער נישט געקאנט עקזיסטירן. די קעלטן זענען געווען גרויסע, נישט באהייצן איז געווען לעבנסגעפערליך — מ׳האט פשוט געקאנט פארפרוירן ווערן. און פאר קינדער, ווי געווייגלעך, איז דאס געווען פילפאכיקער געפערלעך.

און אז מ׳האט שוין יא געהאט אויף דער פור האלץ, איז נאך געווען א פראבלעם פון צוזעגן און צוהאקן דאס האלץ; אויך אן ארט אויפן האלץ איז געווען א פראבלעם. אויך די הויזונס זענען געווען א פראבלעם. אלץ איז אין די שטעטלעך געווען פרימיטיוו. גוט געמאנטירטע קאכל-הויוונס זענען דא זעלטן געווען — האט מען זיך געמוזט באגנוגענען מיט דער כרובע, וואס איז מערסטנס געשטאנען אין דער מיט שטוב, כדי זי זאל ווארעמען וואס מער ארום. דאס האט מען אויסגענוצט אויף ווארעמען און אויף קאכן. ביי יעדער כרובע איז געווען איינגעבויט א, אזויגערופענער, הייוועלע, אויף צו האלטן דאס עסן ווארעם. און שבת, נאך דעם ווי די גויע האט איינגעהייצט די כרובע, איז אין דעם הייוועלע געווען א פלאץ אנצווארעמען דעם טשאלנט. ווי געוועגלעך, יעדע משפחה האט געמאכט א טשאלנט אין באק-הויוון, וועלכער איז געווען אין יעדער שטוב אויף צו באקן ברויט און חלה.

דאס באקן פלעגט פארקומען, בדרך-כלל, פרייטיק — חלה אויף שבת און ברויט אויף א גאנצע וואך. דאס ברויט איז געווען די הויפט שפייז אין שטוב — לויטן פאלקס ווארט: אז ברויט און וואסער איז דא, איז קיין הונגער נישטא. געבאקן האט מען אלץ פרייטיק, דערמיט, אז די הייליקייט פון שבת זאל מער זיין אנזיכטבאר. אויף א גאנצע וואך מוז מען דאך נישט האבן קיין מטעמים; געגוג אז מ׳פארטרייבט דעם הונגער... אבער אויף שבת — דאס איז שוין עפעס אנדערש. אלץ איז געווען לכבוד שבת.

דאס דאזיקע פירן פלעגט נישט איינמאל ארויסרופן קנאה-שנאה ביי גוישע שכנים. סטייטש? ווו נעמט דער ארעמער שכן, וואס איז נאך מטופל מיט קינדער — א ווייסע חלה?...

שוירלע זשעקאבס
בראנקס

# אן אמתע פאסירונג אין מלינאוו מיט 96 יאר צוריק

מיין מאמע, איצע סטאראסטעס עלטסטע טאכטער בתיה, האט מיר דערציילט:

אין מלינאוו איז געווען אהרעלעס משפחה; זייער בכבודיקע מענטשן. ס׳איז געווען א העניע אהרעלעס, חיה אהרעלעס, זעלדע אהרעלעס, משה אהרעלעס. דער עלטסטער זון האט געהייסן דניאל. ער האט געהאט אן אייזן קראם; שפעטער איז אויף זיין ארט געווען משה אהרעלעס.

דער דאזיקער דניאל פלעגט בארגן סחורה די טשעכן, וועלכע האבן געוווינט אין די דערבייאיקע דערפער. ווינטער פלעגן זיי קויפן אויף בארג און באצאלן דעם חוב נאך דער שניט-צייט. איינמאל קומט א טשעך צו דניאלן און בעט ביי אים בארגן מזומן געלט. דער טשעך איז ניט געווען קיין ארעמער און דניאל האט אים דאס געלט געבארגט.

ניט לאנג נאכדעם קומט דער טשעך אין א קאלטן ווינטער-טאג צו דניאלן און זאגט צו אים: „אויב דו ווילסט דיין חוב, קום מיט מיר אין מיין הויז און איך וועל דיר אלץ אפצאלן". די מאמע ליבע האט זיך ביי אים געבעטן ניט צו פארן; זיין פרוי דבורה, א שוואנגערע, פאלט אים אויפן האלז נישט צו פארן — עס איז שרעקלעך קאלט. אבער דניאל וויקלט זיך איין אין טילעפ מיט א פוטערנע קוטשמע און לאזט זיך אין וועג אריין. דער טשעך האט אים צוגעזאגט צוריקצוברענגען דעם זעלבן טאג.

אין הויז הערשט א טויטע שטילקייט.ביידע פרויען זענען אומרואיק. מען האלט אין איין קוקן צו דער טיר... דער טאג איז פארביי. עס איז נאכט און דניאל איז נישטא. אין דער פרי — אלץ נישטא...

האט מען גענומען א פערד-און-שליטן און אוועקגעלאזט זיך צום טשעך. און אויפן שלאך האט מען געפונען דניאלן א געהרגעטן. דאס גאנצע שטעטל האט געטרויערט. מ׳האט דעם מת געטון זיין רעכט; געמוזט אים באגראבן אין זיין אנטון. נאר די קוטשמע איז ניט געווען...

אין עטלעכע טעג שפעטער האט זיך צעטראגן אין שטעטל א קלאנג, אז מ׳זעט דניאלן ארומגייען אין גאס... ער, דניאל, גייט ארום אויף עולם-התוהו... און שפעטער האָט אלעמאל אן אנדערער דערציילט, אז דניאל איז אים געקומען צו חלום און הייסט גייען אויף א באשטימטן פלאץ, ווו עס ליגט

זיין קוטשמע; מ׳זאל נעמען די קוטשמע און אריילייגן אים אין קבר אריין.

און אזוי האט געדויערט א צייט. מענטשן האבן מורא געהאט צו גייען ביינאכט; מיין זיידן האט מען געפירט אין שול אריין... ביז מ׳האט באשלאסן צו נעמען דעם רב מיט א מנין בעלי-בתים און גייען אויף דעם ארט, ווו דניאל האט געהייסן אין חלום. און מ׳האט טאקע געפונען דארט די קוטשמע ליגן...

און מ׳האט געטון ווי ער האט געהייסן און מער האט מען דניאלן ניט געזען סיי אין גאס און סיי אין חלום...

(דבורה זיין פרוי האט געבוירן א זון. מ׳האט אים גערופן "ברודער".



סאווקה, חוטב העצים

שפעטער האט זי חתונה געהאט פאר מאטיע-מאירן. אלע מלינאווער קאנען אים. זיי האבן געהאט קינדער. איינער א זון איז דא — מען רופט אים "זון". און א ברודער איז ניט לאנג געשטארבן אין אמעריקע).

דוד פישמאן

באלטימאר

# אין שטעטל

ווען איר פרעגט מיך, וואס האב איך נעכטן וועטשערע געגעסן, געדענק איך בפירוש נישט — אבער אונזער שטעטעלע מלינאוו מיט העכער פערציק יאר צוריק געדענק איך פינקטלעך, בעיקר דעם גאנצן ווינטער ביז פורים-צייט: די בלאטעס, דעם שניי מיט די פרעסט, די מארק-מענטשן, די קרעמער מיט די קאפטאנען בורקעס, קוטשמעס, שטיוול און וואליקעס אויף די פיס. די קרעמער-קעס מיט די פייער-טעפ, מיט די וואלענע הענטשקעס אן פינגער. די צוויי-וואכיקע יארידים, מיט די שיכורע גויים נאכן יאריד — נאר דאס איז א באזונדער קאפיטל. די אנדערע פון שטעטל האבן זיך געהאלטן אין די שטובן ביי די אנגעהייצטע הרובעס; זיך געגרייט פאר קארטאפלעס מיט הערינג...

אין אוונט, נאך מנחה-מעריב, איז דאס שטעטל געווען כמעט פוסט, פארדרימלט און פארחלומט. קיינער איז אבער קיין גלייכן נישט געווען צו די יינגלעך, וואס פלעגן ביינאכט גייען אין חדר אריין מיט לאמטערנעס. געגאנגען זענען זיי מיט א געזאנג, כדי צו פארטרייבן די מורא פאר א גוי אדער פאר סתם א בייזן הונט. און שפעטער שוין, אלס מער דערוואקסענע, לערנענדיק שוין ביי מאטל טשיזשיק אין בית-ספר, צוזאמען מיט יצחק למדן ז״ל, האבן מיר זיך דערציילט כל-מיני שרעקעדיקע מעשות, פאנטאסטישע און איבערגלויביקע. פון משוגעים, לצים, נישט-גוטע וכדומה. פון מתים, וואס קומען ארויס פון זייערע קברים פונקט נאך 12 ביינאכט און פילן אן דעם בית-מדרש... אמאל געפינט זיך אויך א מת אין מקווה, פונקט ווען א ווייבל גייט זיך טיקן... עס שטייט מיר פאר מיינע אויגן, ווי יצחק למדן פלעגט זיצן אונטערגעשפארט, אלץ אויסהערן און א זאג געטון: ״איך גלויב נישט אין קיין שום באבע-מעשיות...״ וואס שרעקלעכער די מעשה איז געווען, אלץ נענטער האבן מיר זיך צוזאמענגעדריקט, דאס אלץ כדי אויסצוהערן בעיקר פון גנבים, רויבער, ציגאנער, וואלד-גזלנים, וועלף, ווילדע חזירים, בייזע הינט, שווארצע קעץ און מכשפות, וועלכע האבן שליטה אויף קימפעטארינס.

בּרוך מערען
באלטימאר

# חייקל שניידערס גראמאפאן...

אז מ׳האט דערציילט, אז ביי מיין זיידן, הערש סלאבאדער, איז געווען א גראמאפאן נאך פאר דער ערשטער וועלט מלחמה, האט זיך דאס געלייגט אויפן שכל. א ייד א גביר, א פאטשטאר, געהאלטן דעם ספירט, די בוינע, דעם טייך... און א מזרח-״שטאט״ אין דער טריסקער קלויז! אבער ווי אזוי איז געקומען צו חייקלען, דעם דאמסקע שניידער, א מטופל מיט קינדער, א גראמאפאן?... נישט אנדערש, אז ער האט געקריגן דעם גראמאפאן בירושה, פון זיין טאטן שלמה שניידער... איז דאך ווידער די פראגע: ווי קומט א גראמאפאן צו שלמה שניידער?... וועלכער שניידער האט זיך געקאנט פארגינען אזא לוקסוס?...

און וויסן דארפט איר, אז דער גראמאפאן איז געווען אנגעשטאפט מיט יארן. און ווי אזוי דער גראמאפאן איז ארויס א גאנצער אונטער די סנאראדן פון דער ערשטער וועלט מלחמה, איז געווען פשוט א נס... אפשר האט דער רבונו-של-עולם געוואלט, אז אן ארעמער שניידער זאל, צו להכעיס אלע שיינע יידן, האבן א גראמאפאן און זיך האבן מיט וואס צו בארימען?... אחוץ דעם — זאלן טאקע די ארעמע שכנים האבן דעם פארגנוגן זיך קוויקן מיט יאסעלע ראזנבלאטס א ״שטיקעלע״ חאטש אויף א פלאסטינקע; ווייל צופיל גוטע חזנים צום אפגעבן קאנצערטן זענען נישט ארייננגעפאלן קיין מלינאוו.

חייקל שניידערס שטוב, דארפט איר געדענקען, איז געשטאנען אויף דער ״שקאלנער״ גאס, דאס הייסט די קלויז גאס, טאקע דריי הייזער אוועק פון דער טריסקער קלויז. די רעכטע וואנט פון ר׳ חייקלס הויז האט זיך אנגעשפארט אויף לייב סטאלערס הויז. אפשר דערפאר איז חייקל שניידערס הויז נישט איינגעפאלן? מחמת די סנאראדן פון דער ערשטער וועלט מלחמה האט דאס איבערגעלאזט שוואך. דאקעגן, לייב סטאלערס הויז איז געווען שטארקער; אליין א סטאלער, האט ער מיט א ברעט דא און מיט א ברעטל דארט און נישט געזשאלעוועט קיין טשוועקעס — האט זיין שטוב אויסגעקוקט שטארקער און דערלענגערט אזוי-ארום די יארן פון ביידע חאטקעס. אבער א שניידער, וואס קאן נאר האלטן א נאדל אין דער האנד — וואס האט געקאנט צוגעבן צום פארשטארקן זיי הויז?

צווישן זיין הויז און ר׳ שמעון סלאבאדערס הויז איז געווען א שמאל

און בלאטיק געסל; דאס שטעטל איז בכלל באשטאנען כמעט פון בלויז געסעלעך... דעם רבס געסל, דעם שוחטס געסל... נאסעלעס געסל, משה־טויבעס געסל, חיים לעמלס געסל — אלע געסלעך האבן ארויסגעפירט צום סאמע מארק, דאס הייסט, אז אויב איר זענט בשלום אריבער דאס געסל און נישט איבערגעלאזט קיין קאלאש אין דער טיפעניש פון דער בלאטע... נאר אין חייקלס געסל איז געווען דער פארקער א גרעסערער; דאָס געסל האט געהאט א נאמען אין שטעטל... דאס ארויסקומען צום מארק איז נישט אנגעקומען אזוי לייכט: ערשטנס האט מען געדארפן דורכגיין מיט גרויס פארזיכטיקייט א שמאל לאנג געסעלע, דיברייט פון איין פערזאן. פון איין זייט איז געווען א וואנט פון ר' וואלף נטע-בערס שטאל, און פון דער אנדערער זייט איז געווען א מין מחיצה מיט שטעכיקע דראטן, וואס האט ארומגעצוימט אישטעכעס גארטן; אז איר זענט ארויס פון דעם געסל בשלום, האט איר געמעגט בענטשן "גומל"...

נאך א מעלה האט דאס געסל געהאט: ווען איר האט זיך פארנומען אויף רעכטס, זענט איר באלד געווען אין דעם סטאלינער קלייזל און איר האט געקאנט אריינכאפן א מנחה-מעריב אפילו איר זענט נישט געווען קיין סטאלינער חסיד... נאָר אז איר האָט געדארפן ארויסגיין צום מארק, האָט איר זיך געדארפן פארקערע־ווען אויף לינקס; דאס געסל, וואס האָט ארויסגעפירט צום מארק אנטקעגן דעם פוילישן קלויסטער, האט געהייסן טוביה-נטע-בערס געסל. אין דעם געסל האט מען שוין געדארפן אנווענדן א ספעציעלע סטראטעגיע, דהיינו, איר האט זיך געמוזט אנהאלטן אין די ווענט פונם הויז — אויב נישט זענט איר אריין במחילה אין א בלאטע פון א מין אנדערן סארט... מחמת אין דעם געסל איז שטענדיק געלעגן א בארג מיט "גנוי"... און אזויווי טוביה-נטע-בערס הויז איז געווען נידעריק, האבן די פענסטער דערגרייכט ביז די פיס און נישט ווילנדיק האט איר געקאנט זען וואס ס'קאכט זיך אויפן פריפעטשאק... און אז איר זענט ארויס בשלום פונם דאזיקן געסל זענט איר ארויף אויף קליאטקעס, און אויף זיי האט איר ווידער געדארפן זיין פארזיכטיק און האלטן גלייכגעוויכט... און ווען א שווערע יידענע האט זיך נישט איינמאל אויסגעגליטשט און אריין מיט א פוס אין בלאטע, האט זי געשאלטן שטיל צו זיך: "ווער ס'האט אויסגעקלערט די קליאטקעס, זאל קיין יענע-וועלט נישט האבן..."

יא, ווו-זשע האלטן מיר מיט חייקל שניידערס גראמאפאן?... אין די הייסע זומערדיקע שבת-צו-נאכטסן, ווען אין די הייזער איז געווען הייס און שטיקנדיק און די פליגן האבן געריסן שטיקער, פלעגט דאס גאנצע הויז-געזונט זיך ארויסקלויבן אונטערן פרייען הימל. די עלטערן פלעגן זיך אויסזעצן אויף א באנק, וואס פלעגט שטייען הארט אנגעשפארט נעבן יעדער שטוב, און דאס

קליינוואַרג האט זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד און זיך איינגעהערט צו דעם כאָר פון די זשאבעס — — — און אין אזא אוונט האט זיך חייקל שניידער נוהג געווען אויפצופּראלן די פענסטער פון הויז און אנשטעלן דעם גראמאפאן... באלד האט זיך צעטראגן א זיסע שטימע פון א חזן איבער די הויפן און געסלעך... ביסלעכווייז האבן זיך מענטשן אנגעהויבן ארומשטעלן אונטער די פענסטער און מ׳האט זיך פאסמאקעוועט מיט א חזניש שטיקל. דער חסרון איז בלויז געווען, וואס דער גראמאפאן איז אלט געווארן און די פלאסטינקעס זענען אויסגעשפּילט געווארן, און דער גראמאפאן האט אונטערגעקרעכצט און דאס קול פון די חזנים איז געווארן אלץ שוואכער און שוואכער אז ס׳איז געווען א רחמנות אויף חייקלען. און איין שבת-צו-נאכטס, ווען חברה לצים האבן גענומען אפלאכן פון די אויסגעשפּילטע פלאסטינקעס און מאכן פארשידענע חוזק אויסרופן, ווי: ״ר׳ חייקל, גיט דעם חזן א גאגל-מאגל, ער איז בעבעך הייזעריק... אדער: ״אייער גראמאפאן גייט עס די נשמה...״ — האט שוין דאס ר׳ חייקלען שטארק פארדראסן, איז ער צוגעגאנגען צום פענסטער, ארויסגעשטעקט דעם קאפ און די חברה גוט אויסגעזידלט: ״באסיאקעס, זשוליקעס! וואס מיינט איר — איך בין מחויב אייך צושטעלן חזנים?!.... וואס האט איר געוואלט — איך זאל פארן קיין לעמבערג קויפן פאר אייך נייע פלאסטינקעס ? ... איר וועט דאס נישט דערלעבן!...״

און מיט א געפערלעכן כעס האט ער פארהאקט דאס פענסטער. דאס איז געווען דער לעצטער גראמאפאן-קאנצערט אין שטעטל; חייקל שניידערס גראמאפאן איז פארשוויגן געווארן אויף אייביק — — —



רחוב בית הכנסת. די שיל־גאס. חייקל שניידערס רעזידענץ.

מצילומי א. הררי.

# כותב נער לאחיו בארץ

לאחי יקירי, ליפא,

ליפא, טעית. כתבת, כי אני בחור בן 14; לא אמת הדבר, כי אבא אומר — בתמוז י״ח תמלאנה לי 16 שנה.

ובכן, עשיתי דין וחשבון וראיתי, שמיטב שנותי אבדו כבר באפס. כי מורי המה כרתו את ראשי בלי סכין, הם רק חפצו, שיעבור במהרה החודש ויוכלו לקבל את שכרם... אמת, מרדכי צשיז׳יק עוד ידע איך ללמד, אך זה שלימדני לאחרונה הוא לגמרי הרגני. הוא לימד בלי שום סדר, בלי שום לחלוחיות. הוא אטם את רוח המשוררות, הרובצת בקרבי. את חברי עזבתי, כי הם מחסידי מלינוב ורק משה שליין הוא חברי. הוא גם כן חסיד טוב, אך לכל הפחות אתנו. עז פנים הוא, ביישן גדול והפרק אומר: עז פנים לגיהינום, בישן לגן-עדן. ובכלל מאסתי בחברי, מאסתי במלינוב, כי אדע שטובע אני במלינוב ומיטב שנותי אבדו באפס. ובכן, כבר כחודש ימים אני הולך לישון בשעה הראשונה וקם בשעה השלישית. ובלילה כאשר כל העיר כבר ישנה, אני יושב לי כנגד הלבנה על הספסל אצל ביתנו ועושה חשבון הנפש. וכאשר אני מעלה על ליבי, כי הנני כבר קרוב ל-16 שנה ומיטב שנותי אבדו פה במלינוב הארורה, ליבי מתחיל סוער ואני חושב: העולם רחב וחפץ אני לנוס לאשר ישאני הרוח... אך פתאום אני נזכר: כן, העולם רחב הוא, אך לא בשבילך, יהודי קטן ונבזה, יהודי מיהודי הגולה. ובוודאי קראת על היהודי הנצחי איך הוא הולך ודופק בכל דלתות הממלכות, שיתנו לו מקום של ד׳ אמות, שזה נותנים למת, אז נותנים לו בכל מקום תשובה אחת: ״אין מקום ליהודי נבזה ושפל, לך הלאה!״ אז מתעורר אני ממקומי וחפץ לרוץ ובכל החוצות לקרוא חמס: איה הצדק? אך היוכל הולך ביער של חיות טורפות לצעוק, לשיר, בעת שהוא מתיירא שמא יתעוררו החיות ויטרפוהו? ואז הולך אני לישון, אך לישון איני יכול. המחשבות מבקעות את ראשי. אני נזכר באבותינו, שמתו על קידוש השם בספרד ובפורטוגליה והלכו כמו עגלים לטבח, והכי זהו קידוש השם? שמשון הגיבור, שאמר ״תמות נפשי עם פלישתים״ מת על קידוש השם, על קידוש העם והמולדת. ואבותינו (אסור לדבר) מתו על קדושת חרפת היהודי. אני נזכר בעתיד שלי, זוהי המולדת. החלטתי — כאשר אבוא שמה אז ביום אעבוד עבודת פרך ובזיעת אפים אבנה מולדתנו ובלילה אעמוד על המשמר, לא אפחד ממוות. כי אם למות, ימותו בראשונה שלש מאות ערבים ואני אהיה משל לעמי, שלא יאמרו: בשירים הוא אומר למות בעד המולדת ובעצמו מתחבא על עליית הגג. וגם פה, שאני עוד

יהודי נבזה וכאשר אני מטיל עם משה בחצי הלילה אנו דורכים בעוז כאנשי צבא וכאשר הולך רוצח אנו לא נסים רק הולכים כנגדו באגרופים מוכנים, והוא לא יעיז לנגוע בנו, רק נוטה הצידה. כאשר רק נעשה אור בחוץ בשעה השלישית אני קם. ראשית כל פותח אני את החלונות, מניח תפילין, כי התפילין הם נשקי. היוכל איש הצבא העומד על המשמר להשליך את נשקו? כך אין אני יכול לעזוב התפילין. אחר כך יוצא אני החוצה ומתחיל לאסוף את האשפתות וכל דבר שצריכים לעשות אני עושה. ככה עובר לו היום באפס. יום רודף יום, גלגל העולם סובב לו הלאה, ואלה הם החיים.

אברהם הלפרין



קבוצת משכילים, ליד מפל המים של אחוזת הגראף.

יושבים, מימין: משה גרינשפאן, מאיר גרינשפאן, פסח זוטלמאן, דוד אפטייקער, המורה אייזנברג־אשד, שמואל מנדלקורן.

עומדים, מימין: אפרים זוטלמן, יצחק גרינשפאן, בת־שבע גרינשפאן, מלכה למדן.



זה חלקך, משורר, כי דבקת בעמך
לו הקדשת לבך גם הקרבת נפשך,
רוחך למקדשיו וחיתך לעתידותיו ;
בצרתו לך צר, ביום רע תבך מר,
בת־עינך נגרה בפרץ נחל מעם־גר,
איה שר בשירים, כה שפך דמעותיו !

ד״ר שלמה מנדלקרן

מתוך ״שירי שפת־עבר״, 1901





״השומר־הצעיר״ — בטיול בסביבות דמידובקה.

אליהו גלמן
נתניה

# לעיירתי

עיירתי
אחזך ממרחק
ימים וימים,
דמות
אבא נפטר
ועל יד מצבתו בבית עלמינך
"קדיש"
בקול חנוק בן מתפלל
(אויה לי — נותצו מצבותיך זה מכבר ואינן).
חזות אמא —
למען ילדיה
יום יום נעקדת.
מראות
אחים ואחיות וילדים
קהל ישראל רב
(אללי — בחיים אינם עוד ללא זכר וציון).

✶

והיה בהרחיק הזמן את ימיו־פצעיו
ואחרון אודיך המוצלים — יומו אחרון ידעך
ונשכחת מלב איש ועולם.
ואיש לא יגיד
"היה היתה עיירה"

12.10.65

שמואל מנדלקורן
תל-אביב

# בימים ההם...

## יעקב־יוסי נוסע לארץ־ישראל (או אינו נוסע...)

בימים ההם, כאשר הרעיון הציוני לא היה בכלל אפילו בחזקת חלום אצל העם היהודי בגולה, וביחוד היה הדבר נחשב לטריפה בעיני השכבה האורתודוכסית — אז, בזמן ההוא, היה נמצא אחד בעיר ושניים במשפחה ממש, כמובן, בעיירות הקטנות. ובמלינוב היו ארבעה בנים, שנתפסו, רחמנא-לצלן, לרעיון הציוני:

כותב הטורים הללו נתפס לציונות עקב לימודיו בישיבות וגם אצל הרב רבי משה אביגדור עמיאל, אז הרב וראש מסיבתא של העיר סוונצואן, שהיה ציוני (בסוף שנותיו היה רבה הראשי של תל-אביב-יפו). מובן מאליו, שכל תלמידיו, בערך ארבע מאות וחמישים בחורים, נדבקו ברעיון הציוני.

חברי ירמיהו מייסלר, בנו של רבי מנדל דער שרייבער מק״ק מלינוב; הוא נדבק בציונות עקב היותו תלמידו של הרב יצחק יעקב ריינס (זכה, שהרבה רחובות בישראל נקראים על שמו), שהיה הרב וראש מסיבתא של העיר לידה, פלך וילנה.

ברל לובשיס, בנו של אהרן הנפח. גם הוא למד בקלויז של רב מאליס בווילנה, ואין פלא בדבר, שמי שהיה נמצא בעיר התרבותית כווילנה, נתפס לרעיון הציוני.

ואחרון-אחרון, ״הבנימין״ שבחבורה, היה המשורר יצחק למדן. אז צעיר, חלש, מפונק על-ידי כל המשפחה, ביחוד על-ידי אביו, רבי יהודה ליב למדן, אשר שמר עליו מכל משמר. כפי שמוכיח עליו סופו הספרותי, הוא כאילו נולד עם הרעיון הציוני.

פעולתם של ארבעת הבנים הנ״ל הסתכמה בפעולות למען ״הקרן הקימת״, שהיו בקנה-מידה מצומצם מאד. והיות שהפעולות הקטנות לא סיפקו אותנו, חיפשנו לנו פעולות ציוניות ברחבות יותר וממשיות יתר.

### לשלוח חלוץ לארץ-ישראל

הנה, פעולה כזאת, שמאוד קסמה לנו, היה הרעיון לשלוח צעיר אחד ממלינוב לארץ-ישראל ממש, בתור חלוץ, שיעבור לפני המחנה. לשליחות מצוה

זו בחרנו, משום מה, ביעקב יוסי גרובר, בנו של רבי ישראל מורדכי׳ס ממרביץ, החסידים ״השרופים״ של המגיד מטריסק, ממשפחה מכובדת ומפורסמת מאוד.

מדוע בחרנו דווקא ביעקב יוסי זה, ולא באחד מאתנו, להיות החלוץ הראשון מעיירתנו בישראל? — הבחירה היתה מטעמים דלהלן: יעקב יוסי בעצמי היה בחור לא מהחברה. לא היה הדור בלבושו, וזה עקב מצבו הדחוק של אביו. מאותה סיבה לא המשיך גם בלימודים ועוד. בחברה שלנו הוא היה כעין נושא-כלים של החברה. אמרנו עליו שהוא מתאבק בעפר רגליהם של תלמידי החכמים, כביכול. ולכן חשבנו להציל אותו מהעוני של בית אבא, ולעזור לו להגיע למטרה כלשהי בחייו. החלטנו, איפוא, שהפיתרון הטוב ביותר בשבילו יהיה — עליה לארץ-ישראל.

ומדיבורים עברנו למעשים. היות וידענו, שעלייה לארץ-ישראל דורשת הכנה מסויימת, על מנת לעמוד בבחינות שהתקיימו אז ב״אודיסה״, מקום שם כל עולה-חלוץ היה צריך לעמוד בהם, לכן התחלנו בהכנות ממש שהתבטאו בשיעורים יום יומיים ובהדרכה שקיבל מאתנו.

לכאורה הכול היה שפיר, אבל — אליה וקוץ בה. בימים ההם, כשפרנסתם של רוב אוכלוסי העיירות הקטנות היתה בדוחק רב, היה חלק קטן, שהתפרנס בכבוד, ללא דחקות — וזאת היתה התעשיה הזעירה, כביכול, של בתי-בד, תעשייה שתפשה, משום מה, את רוב אנשי מרביץ, הסמוכה למלינוב.

רבי ישראל מרדכי׳ס קיווה להגיע באחד הימים לפרנסה מכובדת זו, גם משום שהנער יעקב יוסי הולך וגדל, וכשיגיע לזמן, שידברו בו נכבדות, יתחתן עם בת-טובים בעלת נדוניה שמנה, ואז יוכל לבצע את חלומו ולהקים בית בד. לשם כך כבר היה הכול מוכן אצלו, כלומר — החתן היה... כי אז היה כבר בן שמונה-עשרה. מקום מיועד לתעשיה זו גם כן כבר היה לו מוכן. ולכן, לבצע פעולה כזאת, לאמור, לשלוח את בנו יחידו לארץ-ישראל ובזה לגזול ממני כל תקווה להיטיב את מצבו, היה כרוך בסכנה רבה, כשייוודע הדבר להוריו. מטעמים אלה כל אחד מאתנו פחד ממש ולא רצה, ששיעורי ההכנה יתקיימו בביתו הוא. וכך נפל הגורל, שהאולפן הזה יתקיים בביתו של ירמיהו מיסלר, בן המורה במלינוב. ומפחד מעינא בישא יהיה מקום ההוראה בעליית גג הבית של ר׳ מנדל דער שרייבער, מקום שהיה מיועד לתרנגולותיו של ר׳ מנדל. מדי יום ביומו היה בא במיוחד יצחק למדן לתת לו את השיעורים הדרושים. מזמן לזמן היינו מתאספים בעליית הגג, כדי לשמוע על התקדמותו בלימודים. ומפעם לפעם היינו אפילו עורכים לו בחינות. אם זכרוני אינו מטעה אותי, אני הייתי היחידי שאמרתי, שעבודתנו היא לשוא, כי לא יעמוד בבחינות באודיסה. היחידי, שדעתו היתה חיובית בענין זה היה יצחק למדן.

## מימון העלייה

אחרי זמן לא קצר, לאחר חורף שלם, נגשנו לפתור את הבעיה הכספית, לממן את הוצאות הנסיעה, דבר שלא היה קל בתנאים שלנו אז. החלטנו לפנות לאישים, עסקנים ציוניים בסביבה, להביא לפניהם את תכניתנו, ולבקש מהם עזרה כספית.

בנוגע לאיסוף הכספים נקטנו בשיטה — לקחת מכל הבא ליד. דהיינו: לחברנו ירמיהו מיסלר היה קרוב משפחה בעיירה טרוביץ בשם שלמה פוקסמן, פקיד בכיר בטחנת הקמח של רכטר. ולו היו שני בנים ובת יחידה, וכנהוג בבני עשירים, היו מפגרים בלימודיהם ככתוב: "הזהרו מבני עניים, כי מהם תצא תורה"... והיות שירמיהו היה בוגר ישיבת לידה, והיתה לו ידיעה רבה בתלמוד, ובעיקר בעברית, לכן קיבל אותו קרובו בתור מורה ומדריך של בניו; על ידי זה היה חברנו ירמיהו מקובל ומכובד בקרב הנוער המקומי.

ומנהג היה מקדמת דנא, בזמן שמחה, ביחוד בחתונות, כאשר לב המסובים טוב ביין, ובכל מיני משתה ומאכל, נדבו בעין יפה לכל הפונה בענייני תרומות שונות וצדקה, כגון: עזרה לעניים, הכנסת כלה, ביקור חולים וכדומה. ובשנים האחרונות ניצלו הצעירים — בין יתר ההזדמנויות — לאסוף תרומות למען קרן הקימת גם במסיבות חתונה. ואנחנו היינו, איפוא, החכמים הרואים את הנולד, וקיבלנו את הצעתו של הח׳ ירמיהו לנצל ערב חתונה, שהיתה צריכה להתקיים בטרוביץ, למען המטרה שלנו. בעינינו ההצלחה היתה צפויה מראש, עקב השתתפותו בהתרמה של חברנו ירמיהו, בהיותו ידוע במקום.

## הנסיעה לטרוביץ

בהזדמנות הראשונה, בימות החורף, בחתונה הראשונה שהיתה בעיירה, אני, כותב הטורים, והחבר ירמיהו קיבלנו עלינו את המשימה. שכרנו עגלת חורף, ויצאנו לדרך, על מנת להגיע לזמן החתונה. הערכתנו היתה כדלהלן: היות וסעודת החתונה מתחילה בערך בשעה 8 בערב, וההתרמה מתקיימת, כמובן, בזמן הסעודה, כאמור לעיל: "כטוב לב המסובים ביין" — היינו בטוחים, שנגיע בדיוק בזמן, מכיוון שמעיירתנו מלינוב לטרוביץ היה מרחק של 15 ק״מ, בערך שעתיים נסיעה אז... לכן החלטנו לצאת בשעה 5 בערב, כדי להגיע לפני זמן ההתרמה, כדי לשתף אתנו במגבית ציונית חשובה זו גם מבני הנוער המקומי, שביניהם היה אברהמל אקרמן, בן הרב רבי מרדכי נטע ז״ל הידוע, בני מאיר פלדמן ועוד.

אבל בין אמירה לביצוע המרחק הוא רב... כאשר יצאנו ממלינוב בערך בשעה 5, וכשעברנו את העיירה מרביץ, התחילה סערה קטנה, מלווה פתיתי שלג גדולים, והסערה הלכה וגדלה מרגע לרגע. הדרך השתבשה וראינו לפנינו אך ורק משטח לבן, ללא דרך, ללא שמים, וללא כל סימן של ישוב קרוב... וזאת למרות העובדה, שבדרך היו כמה כפרים, כגון: סטומורגי, דוברטון, אוסטריוב ועוד. דבר אחד הבחננו, שנוסעים ונוסעים ואנו עומדים במקום אחד, ללא אפשרות להמשיך ולא לחזור בחזרה. אמנם, סכנת נפשות לא היתה צפויה לנו, כי היינו מלובשים בבגדי חורף טובים, אבל בראש דאגותינו היתה הדאגה, שנאחר את הסעודה, ואחרי נסיעה בסערה של תוהו ובוהו במשך כמה שעות, הגיעה אלינו מרחוק קול נביחת כלבים. הבינונו שאנו נמצאים סוף-סוף קרוב לישוב. שמנו פעמינו לקראת נביחת הכלבים, והגענו לכפר פנסקה-דולינה (עמק האצילים) בשעה 8 בערב. יוצא, איפוא, שבמקום נסיעה בזמן רגיל שעה אחת, נסענו שלוש שעות...

כשהבחננו באור קלוש, הבוקע מאחד הבתים, לא חיכינו להזמנה; דפקנו בדלת ונכנסנו פנימה. במקרה, בעל הבית היה מוכתר הכפר. סיפרנו לו את כל הקורות אותנו, וביקשנו ממנו עזרתו, לאפשר לנו להגיע לטרוביץ מה שיותר מהר. אבל בעל הבית שלנו לא מיהר, והתחיל לשיר לנו שיר חדש: "אתם אומרים שהנכם ממלינוב הקרובה, יפה דרשתם, אבל אני לא מאמין לכם... (עקב המצב המדיני המתוח, ששרר אז בין רוסיה מצד אחד ובין אוסטריה מצד שני). אני חושד בכם, שהנכם מרגלים למען אוסטריה, ומטרתכם לרגל את השטח. כי לא ייתכן, שצעירי מלינוב לא ידעו את הדרך לטרוביץ, הקרובה כל כך. ושנית, טען, את צעירי מלינוב לא ראיתי מימי לבושים הדר כזה (הרי היינו מחותנים לחתונה)...

## נתנו אותנו כמרגלים...

לכן, דעתו היא, כאיש השילטונות (מוכתר הכפר) הוא חייב להתנהג בצורה רשמית, ועליו למסור אותנו לעיר המחוז דובנה. עלינו, איפוא, ללון בבית המעצר של הכפר, ובבוקר הכול יבוא על מקומו בשלום...

בשמענו את דבריו חשכו עינינו: אלף, נפסיד את המגבית בחתונה, ובית, וזה העיקר, כשיובילו אותנו, כדבריו, לדובנה, מוכרחים לעבור את מלינוב, ופתאום יראו אנשי מלינוב אותנו אסורים. ואז, כמובן, תתחיל חקירה — מה היתה מטרת נסיעתנו לטרוביץ, והיתה סכנה רבה שכל "פרשת" שליחותו של יעקב יוסי לארץ-ישראל תיוודע ברבים.

אנחנו, כמובן, עמדנו על שלנו וביקשנו ממנו, ממש בדמעות בעיניים, לא לגרום לנו בושה כזאת, להוביל אותנו למחרת דרך מרביץ ומלינוב כאסירים.

דברינו עשו עליו, כנראה, רושם, והוא אמר לנו: "דבר אחד אני יכול לעשות בשבילכם, על אף השעה המאוחרת, והוא — להזעיק את ועד הכפר לביתי להתייעצות על כל העניין, ונשמע את דעתם. הוא שלח אחד מבני ביתו לקרוא לאנשי הוועד, ואנחנו יושבים כעל גחלים, כי זמן ההתרמה עובר. כעבור כמה רגעים הופיעו כמה מחברי ועד הכפר. המוכתר הציג אותנו לפניהם, באמרו ש"הדגים נתפשו ברשת", והוא חושד בנו בריגול. דעתם לא היתה שונה מדעתו, וגם עמדו על הנקודה, שמעולם לא ראו צעירי מלינוב כשכך מגונדרים. כל הזמן ניהלתי אתם ויכוח וטענתי כי כנים דברינו, וכי אנו צעירי מלינוב ולא מרגלים. ובשעת הוויכוח עלה בי רעיון, ואחר-כך הצעה, שהם הסכימו לקבלה. ההצעה היתה: "אם אני אפרט לכם שמותיהם של כל אנשי העסקים ממלינוב וממרוויץ, אשר אתם יש לכם קשרי מסחר, לאמור, אתם קונים מהם את כל הדרוש לכם למחיה והלבשה, ואתם מוכרים להם את תוצרתכם, ואת הירידים ממלינוב, שאתם מבקרים בהם מדי שבועיים, מוכרים את סוסיכם ופרותיכם, והנכם קונים מאנשי ברסטצ'קה את מגפיכם החורפיות, ומאנשי חווליקה את הפרוות הכפריות — היספיק לכם זאת, שלא מרגלים אנו?" אחרי דברים אלה, ראינו מפנה לטובה בפניהם, והם מצידם התחילו להוסיף שאלות שונות על אנשי מלינוב ומרביץ, ובסופו של דבר שאלו אותנו מה אנחנו מבקשים מהם. כשאמרנו להם, שפנינו לטרוביץ, ושאנו מבקשים עזרה להגיע לשם, יצאו אתנו החוצה (הסערה בינתיים שככה), הראו לנו באצבע: "הנה אתם רואים מרחוק ניצוצות של אור — זאת היא העיירה טרוביץ, תסעו בשלום בדרך זו, ובעוד חצי שעה תגיעו למחוז חפצכם.

וככה היה. המשכנו בדרך וכעבור זמן מועט היינו בטרוביץ, בקרבת הבית, שבו התקיימה החתונה. שם מצאנו את כל הנוער הטרוביצאי בחוץ, מציצים פנימה דרך החלונות, כנהוג אז בעיירות הקטנות, בצפייה לבואנו ובדאגה על האיחור. כשהגענו היתה השמחה רבה, וטרם שהספקנו לגולל לפניהם את סיפור הדרך הקשה, שהיתה לנו, החלטנו קודם כל, מפאת השעה המאוחרת, לבצע את ההתרמה בין אורחי החתונה. ההתרמה עברה בהצלחה רבה, עקב השתתפותו של נוער הזהב של טרוביץ. זה היה בבחינת אין מסרבין.

בגמר ההתרמה התאספנו, מסרנו להם פרטים על התועים בדרכי השלג והחשד של מוכתר הכפר, "פנסקה-דולינה", כי מרגלים אנחנו, ולבדוק את השטח באנו. אכן, לאחר שהצלחנו לבצע את המשימה בשלימות ובהצלחה,

היינו מאוד שמחים, וכל הלילה עבר עלינו בשירה וזמרה, והיה כעין ערב ציוני זוטא.

## הנוער של טרוביץ

בין הנוער בלטו אחדים, שלא נכנעו לרצון הוריהם, שמטרתם היחידה היתה "בן שמונה-עשרה לחופה", לעשות שידוך טוב עם בת טובים ולקבל נדוניה שמנה, ולבסוף לפתוח חנות של דגים מלוחים, מלח ועוד. והעיקר להמשיך במסורת של הסבא וההורים. בין המסרבים להמשיך במסורת נתשלת זו היה אברהמל בן הרב, אחדים מבני ר' מאיר פלדמן, ורצונם היה להמשיך בלימודים, לעזוב את העיירה הקטנה, לנסוע למקומות תורה, כגון ישיבות ליטא, ישיבת אודיסה, שהתנהלה על ידי "רב צעיר" (ר' חיים צ'רנוביץ), ואפילו להשתלם בקישינוב בישיבה של הרב צירלסון, גם דבר זה לאו מילתא זוטרתא היה. אבל כל המשאלות האלו נתקלו ונופצו בקיר ההורים, שטענותיהם היו: (א) "איך אפקיר את בני, שמישהו יחנך אותו?" (ב) "אפיקורסות!" שם של אפיקורסות הדביקו כמו מן השמים לחניכי הישיבות הנ"ל, כי הן מובילות לציונות. הם ידעו, שהשתלמות בתלמוד, בתנ"ך ובעברית, היא ראשית הדרך המובילה לציונות, וחס ושלום, כפירה בעיקר, אם לא לחכות לגואל ולביאת המשיח.

ברוב המקרים ידם של ההורים היתה על העליונה. וכאשר אברהמל בן הרב נפגש אתנו באותו ערב, ומצא שעת כושר להוכיח לאביו, הרב ר' מרדכי נטע אקרמן, שאין השד כל כך נורא, ויש "מציצים ולא נפגעים", הזמין אותי למחרת לשעה שתיים אחרי הצהרים לבקר בביתו לשיחה קלה עם אביו. שאלתי את החברה לדעתו של הרועה הרוחני, הרב, על ציונות, עברית ועוד, ענו, כי רבם הוא נייטרלי, ובעיני היה זה הישג רב לנוער המקומי. כי-על-כן היו רוב הרבנים בעיירות הקטנות באוקראינה מתנגדים חריפים לציונות, לתרבות עברית ולכל מילה עברית. את ההזמנה לביקור הנ"ל לא קיבלתי ברצון רב מאחר שהרבנים וחכמי התלמוד בתוכם, מטרתם היתה להכשיל את הצעירים בידע התלמוד ועוד. אבל מפני הכבוד ההדדי הסכמתי לביקור.

## בבית הרב אקרמן

למחרת, בדיוק בשעה שתיים, נכנסתי לביתו של הרב, ומצאתיו בחדרו המסודר. התייחס אלי בכבוד, היאה לאורח נכבד. פרקו היה נאה, הדור בלבושו ומסודר בהקפדה רבה; כולו אמר כבוד. הוא קיבל אותי ב"שלום עליכם" גדול, ביקש אותי לשבת ושאל: "מה בפיך?" אמרתי לו, שאתמול באתי לטרוביץ לביקור קצר. כמובן, את המטרה לא גיליתי לו, והוא גם לא שאל אותי. ובדעתי היה לחזור היום למלינוב, אמרתי לו, אבל היות ובנו אברהמל הזמין אותי לביתו,

קיימתי את האימרה, כי "אין מסרבין לגדול". והיות ואברהמל היה נמוך קומה ממש, ענה לי הרב בחצי הלצה: "אברהמל בני, "איז נאך א קליין ייגעלע", איך אתה מפרש, שאין מסרבין לגדול?" עניתי לו, שבאמרה זו לא התכוונו החכמים לגדול במבנה האתלטי, כי אם לגדול ממנו בחכמה, וכן, מעשה אבות סימן לבנים. והוא הפטיר: "טוב".

השיחה נמשכה כשעתיים. שוחחנו על דא ועל הא, והעיקר התעניין בדרכי הלימוד בישיבות שבליטא. מה ההבדל, שאל אותי, בין הבית-מדרש ייגגל, הלומד בתוך כותלי בית-המדרש בעיירה הקטנה, ובין תלמידי הישיבות, אשר בליטא? כמו כן התעניין בחייהם של יהדות ליטא, מעמדם ופרנסתם ועוד. ובעיקר לחץ עלי להסביר לו, איך נער, שהוא בלי השגחת ההורים, בניכר, בין מאות נערים — מה דוחף אותו להמשיך בלימודים? ביחד עם שאלה זו, הזכיר לי אימרה רוסית, האומרת: "אין אבא, אין אמא, אין ממי לפחד". על זה עניתי לו: ראשית, יש חלק מהנוער, שיש לו תכונות של מתמיד; הנוער הזה מסוגל לבוא ב-8 בבוקר ל"ישיבה" ולשבת עד אחת בצהרים ולא לזוז מהמקום, והם סוחבים אתם עוד חלק גדול מהתלמידים, מעין קנאת סופרים. שנית, באולפן הלימודים נמצא באופן תמידי בכל שעות הלימודים, יותר מעין אחת פקוחה, המפקחת על מהלך הלימודים. ואמרתי, לבושתי, שאפילו קיימים בלשים, העוקבים אחרי כל תלמיד ותלמיד, אחרי התנהגותו ברחוב, בבית ובכל אתר ואתר, והיו מגישים "רפורטים" לממונים עליהם — ככה שכל מעשיו של התלמיד בספר נכתבים. פעולה, שרוב התלמידים היו נגדה.

"אודה ולא אבוש, המשכתי, שאני לא הייתי בין המתמידים, כי הנוער הווהלינאי איננו מסוגל בשום פנים להתמיד שש שעות רצופות במקום אחד. אני כשלעצמי דירבנתי את עצמי על-ידי כך, שאמרתי לעצמי — הנה אני יושב כבר הרבה זמן ונדמה לי, שלא התקדמתי בלימודים, ואוי ואבוי יהיה לי, אם אחזור הביתה בידים ריקות. בסופו של דבר, כל אחד ואחד מהתלמידים משתדל להקנות לעצמו דעת וידע לפי יכולתו ומושגו הוא. כמובן, יש יוצאים מהכלל, אבל מספרם כמעט אפסי. רוב התלמידים מקיימים על עצמם "פת במלח תאכל, מים במשורה תשתה, על הארץ תשכב ובתורה אתה עמל".

"ומה בדבר ציונות בישיבות?" שאל אותי. אמרתי לו, כי בין הנוער יש שני זרמים, אחד הנתפש לסוציאליזם והשני לציונות. ואיך אפשר לא להיות ציוני, בזמן שמייסד הישיבה, רבי משה אביגדור עמיאל ורב יצחק יעקב ריינס, הרב דלידה, ועוד, הקימו מאות תלמידים וחברתא חברתא אית ליה. הוספתי: "די לחכימא ברמיזא".

בינתיים הגיעה השעה ארבע, שעה שהולכים לבית הכנסת ללמוד פרק

איבער זייער טויט האבן מיר זיך ערשט אין אהנט דערוווסט, ווען מיר האבן זיך אלע אין גרויס שרעק אומגעקערט אהיים. דער אומזיסטער טויט פון די צוויי אלטע, ארעמע, אומשולדיקע מענטשן, אלס די ערשטע קרבנות, האט אויף דעם שטעטל אנגעווארפן א שרעקלעכן פחד און א גרויסן שמערץ, זעענדיק דאס די מערדערס ציל איז צו הרגנען מענטשן, וואס זענען אין קיין פאל גאר ניט שולדיק, און אין קיין חשבון איז דאס ניט בארעכטיקט.



זונטיק, י״ח בתמוז תש״א, האבן מיר זיך אלע פארזאמלט אין מלינאוו, אין מיטן מארק, לויט זייער פאדערונג. פון דעם פלאץ זענען מיר מיט קלעפ און זידל-ווערטער אוועקגעפירט געווארן אויף דעם מלינאווער פלי-פלאץ, ניט ווייט פון דעם גראפס פאלאץ, און דארטן האבן מיר געריכטעט דעם באשעדיקטן פלי-פלאץ פון באמבעס, און גלייכצייטיק געהאלפן ארויסצושלעפן פון דער בלאטע פארשידענע קריגס פאר-מיטלען. אויך די ארבעט איז געווען באגלייט פון קלעפ און זלזולים — אבער ווער האט רעאגירט אויף אזעלכעס? אזייגער 2 בייטאג איז צוגעקומען א מערדער, געקליידעט נאר אין א באדע-גארטל, האלטנדיק אין האנט א רעוואלווער, און שיסענדיק די גאנצע צייט אין דער לופט, און געפרעגט, ווער עס קען דייטש רעדן זאל גלייך צוגיין צו אים. אויף דעם האט זיך געמאלדן שלמה מארער ז״ל (אגב, ער איז אומגעקומען מיט 2 וואכן שפעטער, ווען א באנדיט האט אים און חיה קיפערגלאז ז״ל מיט נאך אייניקע אוועקגעפירט אין דער חאראשטשע, און זיי דארט אן א פארוואס אומגעבראכט). דער מערדערי-שער דייטש האט אים געהייסן מעלדן, אז די, וועלכע האבן געארבעט ביי די שווערע קאסטענס, זאלן מיטגיין מיט אים; די 8 יוגנטלעכע זענען מיטגעגאנגען פארויס, באגלייט מיט נאך עטלעכע, וועלכע ער אליין האט אויסגעקליבן, זיי געהייסן בלייבן פון ווייטענס אביסל, האט געהייסן יעדן זיך שטעלן צום שיסן, און אלע אליין מיט זיינע טריפהנע הענט דערשאסן! און דערנאך גערופן די ווארטנדע, און געהייסן פארשיטן זיי בעסער, ווייל אין אנפאנג האט נאך יעדער דערשאסענער פריער געדארפן אליין זיך גראבן א גרוב, און פארשיטן דעם צווייטן, ביז דער כח איז זיי שוין ניט בייגעשטאנען; האבן די גערופענע אלעס פארענדיקט. און ווען די דאזיקע "מלווים" האבן זיך אומגעקערט צוריק, האבן זיי שוין ביז ביינאכט ניט געקענט רעדן, איינפאך אפגענומען דאס לשון.

דער טרויער האט ארומגעכאפט אלע פון דער סביבה, אפילו א גרויסן טייל פון אונזערע שכנים מערדער, וועלכע זענען נאך דאן צו אזעלכעס ניט געווען געוווינט, און דעם גרעסטן טרויער האבן געהאט די משפחות, וואס פון זיי זענען אויסגעריסן געווארן זייערע יונגע קינדער און מענער, בני-יחידים און טאטעס פון יונגע עופעלעך. זייערע קולות זענען דערגאנגען ביזן הימל, בישט רעכענענדיק

זיך מיט גאר ניט; א שטיין וואלט געקענט געווען צו גיין פון זייערע טרערן און היסטערישע געשרייען. עס איז דערגאנגען דערצו, אז אפילו אייניקע פון די גויים זענען ערשטוינט געווארן; עס האט אויך זיי גערירט, און אייניקע האבן דאס פארענטפערט, אז מיט א טעות איז דער גזר געקומען, היות ווי א טראקטאר איז איבערגעפארן א פעלד-טעלעפאן-דראט, און אים צעריסן, איז דער חשד געפאלן אויף די יידן, וועלכע האבן געארבעט אין דער סביבה. א צווייטער האט אן אנדער תירוץ געזאגט. אײנס האט מען געזעען, אז דאס האט אויף זיי אליין אויך געמאכט א רושם, ווייל דאס איז נאך געווען אנפאנגס, מען האט נאך אזעלכע מאסן מארדן נישט געהאט דורכגעפירט. שפעטער, נאטירלעך, איז דאס געווארן א דבר-שבהרגל, מען האט זיך שוין אויף א זעלכע קליינע שחיטהלעך ניט אומגעקוקט. און איידער איך וועל זייערע נעמען אויפגעבן, וויל איך ביי דער געלעגנהייט דערמאנען, אז דעם זעלבן טאג איז פון א מסירה פון געוויסן זאלעווסקי געבראכט געווארן אויף די סטאמארגיס עטלעכע באנדיטן, וועלכע האבן דארטן בערך אין די זעלבע שעהן אומגעבראכט א גרעסערע צאל פון די דארטיקע יידן, און צווישן זיי איז געווען דער מלינאווער רב, הרב גארדאן ז״ל, און א מערוויצער ייד זעליג מוראוויצקי ז״ל, א פריזירער. זיי האבן זיך דארט באהאלטן עד יעבור זעם, און זענען אומגעקומען צוגלייך מיט זייערע אויפנעמער.

און דאס זענען די נעמען פון די עשרה הרוגי מלכות:

א) ר׳ מאטיל גרינשפאן ז״ל;
ב) א שטימער ארימאן, אן א נאמען, ז״ל;
ג) ר׳ דב בר׳ משה ליצמן ז״ל;
ד) גיסו, בעלה של אחותו פעסי, ז״ל;
ה) גיסו, ברוך ליכטער ממערוויץ, ז״ל;
ו) ר׳ משה בר׳ פסח קוגול ז״ל;
ז) ר׳ משה בר׳ שייע פישמן ז״ל;
ח) ר׳ ברוך בר׳ פייביש ליכטער ז״ל;
ט) ר׳ משה בן משפחת עזורים קוליש ז״ל;
י) ר׳ משה בר׳ חנינא אפשטיין ז״ל.

די ערשטע צען, וועלכע זענען אזוי אומשולדיק געטויטעט געווארן, נאך דאן ווען מען האט נאך געקלערט, אז עס וועט נאך אזוי שרעקלעך ניט זיין, זענען ביז דעם אלגעמיינעם אומקום, נישט פארגעסן געווארן, מיט דעם גאנצן שרעקלעכן בילד דערצו.

## מארד אויב־בשורות ארום

און דערנאך האט מען אלע מאל אומגעבראכט אן אנדער קרבן, דא דעם

קרומען שוסטער ז״ל, דא חיה ז״ל, די טאכטער פון חיים יצחק קיפערגלאז ז״ל, און נאך אנדערע. אגב, אין דובנא-לוצק-ראוונע זענען שוין געווען ביז דאן מאסן שחיטות, און פון קלעפּ און עינויים איז שוין שווער און איבעריק צו באשרייבן. אין א שיינעם פרייטיק פרימארגן (ערב תשעה-באב 1941) זענען די באנדיטן, אויפן פארלאנג פון דער אוקראינישער באפעלקערונג, אריינגעפארן קיין טראוויץ און קיין אוסטרוזשעץ, מיט טאנקן און מיט לאסט-אויטאס, און פון דארט ארויס-גענומען כמעט אלע יונגע מענער, זיי אוועקגעפירט ניט ווייט פון די שטעטלעך, און זיי איינפאך אויסגעשאסן. דאן איז געפאלן מיין ברודער נחמן ז״ל, און מיין שוועסטער אסתר ז״ל אין אוסטרוזשעץ.

און אזוי האבן אנגעהויבן אנקומען איוב-בשורות, פון יעדער יידישער קהלה — פון ראוונע, דובנא, לוצק, און קלעוואן. ווייטער האט דאן דער יידישער אויער ניט דערגרייכט. רירן זיך פון ארט האט געשמעקט מיט לעבענס געפאר, הן מצד דער ארטיקער באפעלקערונג, הן מצד די דייטשע באנדיטן ימ״ש.

אין די ערשטע וואכן איז אויך פארגעקומען די געשעעניש פון די פּליטי-טורקי, פון די סטאמארגיס, וועלכע זענען אזוי טראגיש אומגעקומען דורך א מסירה פון א גוי. צוזאמען מיט זיי איז אומגעקומען דער מלינאווער רב, הרב גארדאן ז״ל, מענדיל לומער ז״ל, מוראוויצקי דער פריזירער ז״ל, און די אנשי-טורקי וועמענס נעמען איך געדענק שוין לײדער ניט, אויסער אייניקע ווי, למשל, פאמיליע קאלער ז״ל, און פאמ. זינגער און 2 יונגע פארלעך פון זייערע חברה א.א.וו... אויך איז אין דער זעלבער צייט אומגעקומען מיין שוואגער בן-ציון בר׳ יוסף גרובער ז״ל, אין דעם מארד פון לוצק, וואס איז געווען בערך אויף צוויי טויזנט יידישע יוגענטלעכע. זיין פרוי גיטל מיט איר קינד יהודית ז״ל, זענען געקומען צו לויפן צו אונז קיין מערוויץ, קלערענדיק, אז דא איז בעסער געשיצט, און ווי געווײנלעך אויך אומגעקומען אין דעם אלגעמיינעם אומקום אין געטא מלינאוו.

שווער, זייער שווער און אונמעגליך איז יעדער זאך פאדראבנע ארויסברענגען אויפן פאפיר. צווישן איין גרופע דערמארדעטע און דער צווייטער, האט זיך כלומרשט געמאכט עפעס סימנים פון פארלייכטערונג, און עס האט זיך געוואלט קלערן — אפשר ? אפשר וועט דערמיט זיין שוין גענוג ?... אזוי זענען ביסלעכ-ווייז אוועק בערך 9—10 חדשים, און אין דער צייט איז אחוץ מארד, רויב, און טויט-שרעק, אויך גלייכצייטיק אויסגעליידיקט געווארן די יידישע באפעלקערונג פון גאלד, צירונג, פוטער, און יעדע ווערטפולע זאך, פון וועלכע מען האט געניצט די גאנצע צייט צו בייטן אויף ברויט. און דער קין-צייכן, ד.ה. די געלע-לאטע פון פארנט און פון אונטן, האט געמסרט פון ווייטן יעדן ייד, וועלכער

האט זיך נאר געוויזן מיט א ריינערן בגד, שוין אפגערעדט פון א פוטערנעם בגד; דאס האט איינפאך געדראט מיט לעבענס-געפאר.

## א "נוצלעכער ארבעטער"

איך בין געווען א זוכה-בגורל, און אלס געוועזענער מיל-באזיצער, בין איך אויך צוגעטיילט געווארן צו די 6 משפחות, וועלכע זענען געווען באשעפטיקט אין ישראל ווארצעלס מיל. דארט איז מיר אויך געלונגען צו זיין א "נוצלעכער ארבעטער" צוזאמען מיט שראליק ווארצל ז"ל, און זיין ברודער מאיר ז"ל, און זיין שוואגער פישל ז"ל, און זיין קוזין יוסף פעלדמאן ז"ל פון ברעסטעצקי, און גרשון אפשטיין ז"ל, אלס נוצלעכער סטאלער, און ברוך לאקריץ ז"ל, אלס נוצלעכער קאוואל. און מיר אלע האבן, מיט כל מיני תחבולות, געהאלטן אין מערוויץ אונזערע משפחות כלומרשט אויך פאר באשעפטיקטע, אפילו אין דער צייט פון דעם פארמאכטן געטא. אויך זייענדיק אין דער מיל האט ניט געפעלט קיין טויט-שרעק. באזונדערס איז אויף אונז געלעגן דער חוב צו שפייזן דער באפעלקערונג מיט ברויט, ווי ווייט מען האט נאר געקענט, און דאס האט איינפאך געדראט מיט סכנות נפשות. און דאך האט אונז גאט אויסגעהיט און די גאנצע צייט איז אונז געלונגען, ווי מעגלעך, צו שפייזן דעם געטא מיט ברויט. און כאטש עס זענען אנגעקומען איוב-בשורות פון אסך ערטער ווי נאר יידן זענען געווען, דאך איז נאך ניט אויסגעלאשן געווארן דער פונק פון האפנונג — אולי? אולי? אפשר וועט גאט פארט ווייזן א נס? ווייל אויסער נסים האט זיך אויפן הארייזאנט נישט געוויזן קיין שום רעטונגס אויסזיכטן.

אין איין צייט זעען מיר די שטארקע, געזונטע, בלוטיקע בעסטיעס, וועלכע דרינגען אריין, אלץ ווייטער און ווייטער אין טיפן רוסלאנד, און דער פראנט שיקט נאר ידיעות פון זייער נצחון — און אין אונטן, ווייט פון פראנט, טיילן זיך שוין די דייטשן מיט די צוגערויבטע גיטער, דהיינו, דער מלינאוווער הויף מיט זיין האב און גוטס איז צוגעטיילט געווארן צו א דעמיסיאנירטן דייטש, אן אלטער כלב, א גרויסער רשע, געזארגט נאר פאר דעם איינריכטן צוריק דאס גוטס מיטן פאלאץ ווירטשאפט, מיט דער פולער זיכערהייט, אז דאס וועט שוין אים געהערן אויף תמיד, קענטיק פאר זיינע אויסצייכנונגען אין מיליטער.

די יידישע באפעלקערונג, מיט איר קאמיטעט בראש, האט פאר אים געצי-טערט אימת-מות. עס איז פון אים ניט געווען קיין דערשיסונגס פאלן, ווייל ער האט כמעט דעם גאנצן ארבעטס כח אויסגענוצט לטובתו, אבער די מערדערלעכע קלעפ, וואס דער אלטער הונט האט אליין פאר יעדער ניט-פינקטלעכקייט געגעבן, זענען געווען אומברחמנות-דיקע. זיין אומריינעם נאמען געדענק איך שוין ניט.

דער איין-און-איינציקער, צו וועלכן ער האט זיך באצויגן מענטשלעכער, איז געווען דער דענטיסט בערמן און פרוי ז״ל אויך איינער מיטן נאמען שניידער; האט מען זיך אביסל געדעקט מיט כל מיני שוחד.

די ארטיקע קריסטלעכע באפעלקערונג איז אפילו געווען ביי דער מיינונג, אז כל זמן שניידער וועט זיין אין מלינאוו, וועט צו קיין שרעקלעכעס ניט צו-קומען (אפילו די דאזיקע הנאה האבן זיי אונז אויך ניט פארגינען); און אפשר איז געווען דערביי א קליינער טייל אמת, ווייל ווען שניידער האט פארלאזט צייטווייליק מלינאוו, האבן זיך די גזירות געשטארקט. אויך פאר דעם אלגעמיינעם אומקום איז ער נעלם געווארן.

## געטא, גזירות און עקדה

עס האט אזוי די געמישטע לאגע אנגעהאלטן ביז ערב שבועות תש״ב, מאי 1942, ווען עס איז פלוצלינג אנגעקומען א באפעל, אז די יידן פון מערוויץ און פון דער אומגעבונג, ד.ה. פון די דערפער, זאלן זיך אריין קלייבן אלע קיין מלינאוו. אנהויבנדיק אין דער שול גאס ביז צו קיסיל יואלס, און אויך ביז דער שול נעבן דער קאלוזשע, זאל דער שטח ווערן אפגעצוימט מיט א געדיכטן שטעכל-דראט, איזאלירט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג, און נאר 2 טויערן וועלן זיין צו ארויסנעמען מענטשן צו דער ארבעט. א מענטשלעכע פען קען עס ניט בשום אופן ניט אפשילדערן, ווי די יידן פון אלע אנדערע מלינאווער הייזער האבן זיך אלע געדארפן צונויפפרעסן ווי די הערינג, אין די אזוי שוין פון פריער אויסגעליידיקטע פון מעבל, בעס-געוואנט, און שטוב זאכן הייזער; די טראגעדיע קען איך בשום אופן ניט באשרייבן. איך בין אויך בייגעווען ווי מיין קראנקער ברודער יעקב-יוסף ז״ל, מיט פאמיליע, און מיין אלטער פעטער חיים-מאיר ז״ל, מיט זיינע קינדער און פאמיליעס, און דער פעטער יעקב גרובער ז״ל, מיט זיי פרוי, און נאך עלטערע מענטשן, אויסער די פון די הערצער געזאגט דעם לעצטן ״א גוטן טאג״, זייענדיק זיכער, אז מער וועט מען שוין די ארימע כאטקע ניט זען... אזעלכעס קען קיינער אין דער וועלט ניט שילדערן...

פאר דיינע אויגן זעסטו די שיינע מאי טעג, מיט זייער פולן פראכט פון אייראפע, וווּ אלעס ארום דיר לעבט און לאכט, הן די נאטור, און הן די מענטש-הייט, און פון דער גרויסער ליכט ווערט נאך אונזער פינסטערניט פילפאכיק פארשטארקט.

אין געטא, האבן זיך אנגעהויבן פארשטארקן די גזירות, די אנקומענדע ידיעות פון יעדער געגנט זענען געווען נאר טרויעריקע בשורות. און פונקט אזוי ווי די מלינאווער קהלה איז געווען פאראייניקט מיט אלע ארומיקע שטעטלעך,

אזוי איז אויך געווען אין דעם פרט מיט די געטאס — אין די אלע שטעטלעך ווי, אסטרוזשעץ, טראוויץ, דעמידאווקע און בערעמלי, זענען אין די זעלבע טעג אויך געמאכט געווארן געטאס פאר די יידן. און גאנץ אפט זענען אנגעקומען שרעקלעכע בשורות פון איין געטא צום צווייטן. אזוי, למשל (אחד מיני אלף), האט אין בערעמלי א הונטישער דייטש ימ״ש געפאדערט א זאך, און דאס איז ניט אזוי שנעל צוגעשטעלט געווארן, האט ער מיט זיינע אומריינע הענד ארויס-געפירט די אנפירנדע יידן אין עק שטעטל, און זיי אויסגעשאסן ביז איינעם. צווישן זיי איז געווען אויך מיין חבר נח גרינבערג ז״ל. די אנדערע קדושים געדענק איך שוין ניט זייערע נעמען. און אזוי האט מען געהערט אלע מאל שרעקלעכע ידיעות פון אן אנדער שטעטל.

דער שרעקלעכער מצב האט אזוי אנגעהאלטן 4 חדשים. און די צייט פלעגן כמעט יעדן טאג זיך ארויסגנבענען מאטיל ליטוואק ז״ל, חיים-יצחק קיפערגלאז ז״ל, משה זידערס 2 זין און נאך אנדערע, צו דער מיל קיין מערוויץ, און צו זאמען ביינאכט זיך צונויפרעדן און באקלערן וועגן, וועלכע זענען געווען אויסזיכטס-לאז. אין די 4 שווארצע און פינצטערע חדשים אין דעם פארמאכטן געטא, האבן זיך די גזירות געשטארקט פון טאג צו טאג. די צייט איז פאר א מענטשן מיט דעם שטארקסטן כח ניט מעגלעך אפצומאלן, וויסנדיק, אז דער סוף וועט זיין נאך אן ערגערער — א פארניכטונג. דא האט זיך אנגערוקט ראש-השנה תש״ג. מען האט שוין געזעען דעם גזר-דין פאר די אויגן. די טעג פון ראש-השנה ביז סוכות זענען שנעל פאריבער, און דער געטא איז אפגעשלאסן געווארן גענצלעך. צו וואס פאר א ציל ?...

אין דעם לעצטן שבת, מיר דוכט זיך שבת חול-המועד סוכות, האבן זיך פארזאמעלט אין שול אנשים, נשים וטף צו דער לעצטער תפילה. איך האב דאס ניט זוכה געווען ביי-צו-זיין. דאס איז מיר געווען געגוג צו הערן פון די קריסטן, וועלכע זענען געווען כלומרשט נישט אזוי מערדעריש געשטימט צו יידן. פון דעם פארמאכטן געטא זענען אין דער לעצטער נאכט האלב מענטשן דאך ארויס, באלאדן מיט העק און מיט שטיקער אייזן אין די הענט, גרייט אויף אלעס, און געלאפן וווהין די אויגן האבן געטראגן. און כמעט אלע — נישט זייענדיק צוגעפאסט צום פעלד און וואלד, מיט די רעגנס און קעלט, מיט קליינע קינדער און אלטע לייט; אנשטויסנדיק זיך אויף רדיפה און רציחה פון די ארטיקע שונאים — זענען כמעט אלע אומגעקומען, מיט גאנץ קליינע אויסנאמען, ווי למשל, קאפל מעסינגער, עזרא שערמאן, און נאך געציילטע, אינם סמארדאווער וואלד.

מיר אליין איז געלונגען די ערשטע טעג פונם הערמעטיש געטא פארמאכונג

צו פארבלייבן אין דרויסן, ביי א מערוויצער היימישן פאלאק (מאריאן בארעצקי), און מיין פרוי סאניע, וויסנדיק, אז איך בין דארט, איז זי געקומען צו לויפן דורך די פעלדער צו מיר. אויך אנדערע, פון די געציילטע געראטעוועטע, איז געלונגען אויך דורך פארשידענע וועגן-נישט-וועגן זיך אויך ארויסצובאקומען אין די לעצטע מינוטן.

מיין שוואגער נחומס 2 זין, פישל און שלמה ז"ל, זענען געווען די ערשטע קרבנות, וועלכע זענען געכאפט געווארן ביים אנטלויפן, און מיט שטעקנס דערמארדעט געווארן דורך די ארטיקע שונאים-קריסטן, און אין עטלעכע טעג ארום, אין א פרייטיק אין דער פרי, זענען די קדושים פון געטא געבראכט געווארן צו דער עקדה... כ"ח תשרי תש"ג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אזוי און וואס עס האבן געפילט די מענטשן פון די פארבאהאלטענע אין די פארשידענע מיזן-לעכער וואלט איך געוואונשן, אז עס זאלן דאס פילן די דייטשן און אלע אונזערע יידישע שונאים. די הויפט פראגע, וועלכע אין דאן געשטאנען פאר אונז, די פאר לעבן-געבליבענע, איז געווען — צו עס האט נאך א טעם ווייטער צו לעבן?... עס האט גענומען פלאגן דער געדאנק: צו וואס?... און מיט וועמען ווייטער?...

איך פארשטיי, אז ניט איינער פון די קומענדיקע דורות, וועט פאראורטיילן די האנדלונג פון דער דארטיקער יוגנט, ווען ער וועט אפילו מסכים זיין מיט דער האנדלונג פון די אלטע און שוואכע, און וועט פרעגן: "וואס איז געווען מיט זיי?!" פארוואס האבן זיי ניט געוואלט פארשטייען, אז אפילו צו שטארבן איז אויך בעסער ווי א העלד און ניט ווי א פחדן? ווו איז געווען זייער ארגאניזירטער כח? און פארוואס האט ער ניט געווירקט? זיי, די קומענדע דורות, וועלן אויך ברענגען באווייזן פון די שריפטן, אין וועלכע עס ווערט דערציילט איבער העלדישע קאמפן פון פארטיזאנער אין פארשידענע אקופירטע געביטן פונם שונא — טא פארוואס זשע זענען מיר ניט געווען ארגאניזירט? וואס איז דען דאן געשטאנען אין וועג?

אבער דער ערשטער ענטפער אויף די גרויזאמע פראגע איז, דאס די אלע אומגליקן זענען ניט אויסגעשיט געווארן מיט איין מאל, און צווישן איין אומגליק און צווייטן, זענען געווען איבערייסן, מיט סימנים פון ענדערונגען, מיט א חשד, אפשר לטובה, אפשר איז דאס געווען דאס לעצטע שלעכטס?... ווייל די פארניכטונגס ארבעט איז געווען אזוי ראפינירט, כאילו אז קיין וויכטיקע זאך אויף די פראנטן, גייט זיי ניט אן, און דערצו איז דאס געווען מיט שטארק

וויכטיקע חשבונות, הן פאר די ארטיקע באנדיטן, וועלכע האבן געלאקט אויף דעם ביסעלע ארימקייט פונם ייד, הן פאר דער באנדיטישער מאכט, וועלכע האט די וויכטיקערע זאכן געריבט פריער פאר די ציווילע רויבער.

ווייטער: דאס ארגאניזירונג פון די פארטיזאנער האט זיך ערשט אנגעהויבן גאנץ שפעטער, ווען אלע אן אונטערשיד פון באציע, האבן דערפילט, אז מיט יידן האט מען נאר אנגעהויבן, אבער זיי וועט דאס אויך ניט אויסמיידן, און זיי האבן טאקע געהאט בעסערע שאנסן אויף זיך צו פארטיידיקן. חוץ מזה, וואס זיי זענען דאך ניט קיין געציילטע, ווי מיר אין די שטעטלעך, נאר הונדערטער דערפער, מיט פארבאהאלטענע פון אמאל געווער, מיט פעלדער און וועלדער, מיט וועלכע זיי זענען מדורי-דורות געווען ארגאניש פארבונדן, און ניט ווי דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג, וועלכער האט אין זיין לעבן ניט פארבראכט אין וואלד — און דאך איז זייער ווידערשטאנד געקומען אסך שפעטער נאך דער יידישער פארניכטונג, און נאך דער אומברחמנותדיקער פארניכטונג פון די מיליאנען רוסישע געפאנגענע, וואס אין זיי האבן זיי געזען ברידער פון אייגן בלוט און פלייש; און לאנגזאם לאנגזאם, פריער די אוקראי-נישע באנדיטישע מיליץ, נאכער אזוי דארף נאך דארף. אזוי למשל איז געשעען מיט מאלין! אלע צוזאמען: מענער און פרויען, יונגע און אלטע, לעבעדיקערהייט פארברענט מיט די הייזער און לעבעדיקן אינווענטאר, און נאך, נאך אסך אזעלכע שיינע מעשים. ערשט דאן האט דער אויפשטאנד געטראגן א מאסן כאראקטער, און ווען ער איז שוין געווען, האבן זיך די קליינע רעשטלעך יידן, וועלכע האבן זיך צוגעהעפט צו זיי פאר א לעבענס פרייז, שטענדיק געווען שיקאנירט פון פארטיזאנער חברים, און נישט איינעם אפילו אליין דערמארדעט מיט פארשידענע אויסריידן, וואס דער גרונט זייערער איז געווען איינפאך אנטיסעמיטיזם. און צום סוף: בערך א האלבע באפעלקערונג יידן זענען דאך ארויס פון געטא דעם לעצטן אוונט, און וואס פאר א סוף האבן געמאכט פון זיי די ארטיקע באפעלקערונג?! האט א גרויסער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג אויסגעוויילט בעסער דעם קבר-אחים איידער קבורת-חמור, און דאס איז כמעט געווען די הויפט סיבה.

## ווו באהאלט מען זיך?...

און יעצט, נאך דער שחיטה: ווו באהאלט מען זיך הייגט?... נעכטן איז אונז יא געלונגען ביי א פאלאק אין א סטירטע שטרוי זיך אויסצובאהאלטן איבערן טאג. מיר זענען שוין געווען 3 נפשות, מיין שוועסטער מאמצי, וועלכע האט געוווסט פון אונז, האט זיך אין א אוונט צו אונז דערשלאגן. זיצנדיק אזוי

שבת, כ״ט תשרי תש״ג, אין א וועלדל מיט יענעם טעם-חיים, ביז אין דער נאכט אן עסן, האבן מיר באמערקט א שיין פון א פויערישע כאטקע ווי אויך א שטארק בילן פון א הונט, וועלכער האט מיט זיין הינטישן חוש אונז דערשפירט, און נאך א באשלאסענעם איינשטעלעניש זענען מיר צוגעגאנגען ביז אין דער נאנט פון דער כאטקע. איז אונז אנטקעגן געקומען א 12 יאריקער זינדל פון דעם בעל-הבית, און ער האט איינגעשטילט דאס בילן פון דעם הונט, און פארשטאנען, אז אזא געזעלשאפט קענען נאר זיין יידן. און מיט זיינע ערשטע ווערטער האט ער אונז געהייסןווארטן אין באהעלטעניש צווישן די בוימער, ווייל ביי זיי אין שטוב איז דא צוגאסט אן אוקראינער; זיינע עלטערן זענען פאלאקן און זייער נאמען איז באגדאן. מיר האבן אין אים דערזעען א מלאך פון הימל. איין זאך איז אונז געווען א ווונדער — ווער זענען זיי? מיר קענען אזוי גוט די סביבה מיט די ארומיקע פויערים, ווי קאזלאווסקי, פעטראווסקי, באראנאווסקי און אנדערע — און ווער איז דער פלוצלונג אומבאקאנטער אונז באגדאן? נישט אנדערש נאר א מלאך פון הימל. און א קליין שטיקל צייט איז פאריבער און באגדאנס זינדל, זיגמונד, איז אונז געקומען מבשר-בשורה זיין, אז דער אוקראני-שער גאסט איז שוין אוועק, און מיר קענען שוין רוהיק אריינגייען. ביים אריינגאנג האבן מיר גלייך דערקענט דעם פויער און זיין פרוי, און ווען ער האט אונז דערזעען, האט ער זיך עטליכע מאל איבערגעציילעמט, און געשווירן צו געבן זיין לעבן, אבי אונז צו רעטן.

דערווייל, פון א היבש שטיקל צייט פון הונגערן, האבן מיר געגעסן הייסע אפגעקאכטע קארטאפל מיט שאלעכטץ, אנגעגרייטע פאר דעם איינציקן חזרל, און צוגעביסן מיט געקאכטע שוואמען. קיין בעסערע זאך, ווי למשל ברויט, האט ער ליידער נישט פארמאגט. דער טעם פון דעם זיסן כיבוד, וואס פאמיליע באגדאן האט אונז מכבד געווען, האבן מיר אין אונזער לעבן קיינמאל ניט געפילט אזוי געשמאק און אזוי באטעמט; אזא געשענקטע מתנה האבן מיר נאך ניט געהאט אין אונזער לעבן. און די מתנה איז נאך געווארן גרעסער, ווען ער האט אריינגעבראכט שטרוי און אונז געהייסן זיך דערווייל אפרוען און פארטאג ארויסגייען אין זיין ארימען שייער, זיך אריינגראבן און זיך צודעקן מיט די געציילטע ארימע סנאפעס. דער דאזיקער פארגניגן האט קיין גרענעץ ניט געהאט, און מיר האבן אין דעם דערזעען א געטליכקייט, ווי פון הימל האט מען אונז דאס צוגעשיקט, ווייל א מענטש מיט אזא אפן הארץ צו יענער צייט איז געווען זייער א זעלטנהייט.

וואס פאר א זיסן שלאף אויף דער ערד אויף דעם שטרוי, נאך דעם רייכן אונבט-ברויט, וואס מיר האבן געהאט, און וואס פאר א נס האבן אין דעם

פינסטערן, אבער פאר אונז ליכטיקן, אוונט דערזעען, איז זייער שווער ארויס-צושרייבן, און נאך שווערער איז צו באשרייבן אונזער דאנקבארקייט, ווען ער האט אונז פארגעלייגט נאך דעם צו בלייבן אין זיין שטארק ארימער האלב-אפענער סטאדאלע. כדי מיר זאלן זיין צוגעדעקט פאר א עינא-בישא, וויל ער אונז אויסגראבן א סכראן אונטער דעם חזרים שטעלכל; דאס וועט זיין גוט פארמאסקירט און פארדעקט פון פרעמדן חשד. אונזער שמחה איז געווען זייער גרויס.

אזוי זענען אוועק אפאר טעג, וואס האבן זיך געצויגן ווי יארן. דער בעל-הבית האט אונז געברענגט אלע מאל זייער טרויעריקע ידיעות פון יידישע רעשטלעך, וועלכע זענען אנדעקט געווארן דורך אוקראינער נאך דער אלגעמיינער שחיטה, און ווי אזוי זיי זענען מערדעריש אומגעברענגט געווארן. וואס וועט זיין אונזער סוף ?... און אין צווישן צייט האבן מיר געגומען דערשפירן דעם ריח פון נאך יידישע רעשטלעך, וועלכע בלאנקען זיך ארום אין דער סביבה. צווישן זיי מיין שוואגער יעקב שעכמאן, זיין פרוי חייקע און זייערע קינדער: פעריל, אברהם, שמעון, יוסף, אשר, עזריאל; מיין שוואגער נטע מיט זיין פרוי מרים און קינד שפרה, די אנדערע זענען געבליבן אין געטא; זעליג שעכמאן און בתיה און נאך א שוועסטער; יצחק עשעס און זיין פרוי חאצל מיט זייער זון און טאכטער, און א גאנצע פאמיליע קאראטקי פון טראוויץ. דערצו האבן מיר אפגענומען גרוסן, אז אין סמארדאווער װאלד געפינט זיך א גרעסערע גרופע יידן. דערווייל איז אונז אנגעקומען די גוטע בשורה פון זייער גרויסער מפלה אין סטאלינגראד. און עס זעט אויס, אז צוליב דעם חשד אויף די אוקראינער, האבן זיי אין דער זעלבער צייט צוזאמענגערופן די אוקראינישע מיליץ אין א שיינעם פרימארגן כלומרשט אויף איבונגען, און זיי אויסגעשאסן אזוי ווי די הינט. דאס האט אונז געברענגט זייער א גרויסע סאטיספאקציע — על דאטפת אטפוך... דאס אלעס האט אונז געגעבן נאך מער מוט און האפנונג — אפשר-אפשר ?... אפשר וועט גאט נאך העלפן, כאטש די רעשטלעך ?

דער גוטער בעל-הבית אונזערער, באגדאן, האט אונז יעדעס מאל געטרייסט מיט האפנונג, דאס מיר וועלן די שונאים איבערלעבן. ווי א הייל-פלאסטער אויף א ווונד זענען אונז זיינע ווערטער געווען. עס האט זיך אזוי אוועקגעצויגן, ניט שטענדיק מיט גוטע בשורות, ביז פסח 1943. די שלעכטע בשורות האבן מיר דאן געהאט אלע מאל פון אן אנדער חלק יידן, וועלכע מען האט אנטדעקט, און וואס זייערע באשיצער אליין האבן זיי איבערגעגעבן: שראליק זעליגס מיט זיין פרוי און קינדער, נטע רייכמאן און פאמיליע, מיין שוואגער יעקב שעכמאן מיט זיין פאמיליע, מיין שוואגער נטע און פרוי און קינד, יוסף נעלי און מאטל

פעלדמאן פון ברעסטעצקי, זעליג שעכמאן און זיינע 2 שוועסטער, יצחק עשעס און פאמיליע, די פאמיליע קאראטקע פון טראוויץ, א לויצקער משפחה, און נאך אסך אנדערע. און דאס האט אריינגעברענגט אין אונז יאוש און דעם שטענדיקן געדאנק — און מיר וועו ? . . .

## קאמף צווישן פאלאקן און אוקראינער

אין דער ערשטער פסח-נאכט האט זיך פלוצלונג צעפלאקערט א הייסער קאמפף צווישן די ארטיקע אוקראינער און פאלאקן. די אוקראינישע באנדיטן, וועלכע האבן ניט געהאט קיין קלענערן חלק אין אונזער אומגליק ווי די דייטשע מערדער ימ״ש, און אסך מאל נאך א גרעסערן, האבן געהאט אלטע חשבונות מיט די פאלאקן, נאך פון זייער הערשאפט צייט, און אזוי ווי זיי האבן דערשפירט דעם מפלהדיקן צוריקמארש פון די דייטשן, האבן זיי גענומען צוגרייטן א 3 פאכיקן קאמף מיט דער לאזונג : נידער מיט דער קאמונע פון די יידן-פאלאקן-דייטשן . . . און כאטש אונזער אפהאלט ביי באגדאנען איז געווארן געפערליך מצד די אוקראינער, איז — מענטשן וואס זענען אלצאיינס פארלוירן געווינען אמאל ווען צוויי קריגן זיך ; און אזוי האט טאקע פאסירט מיט אונז . . . דער פרילינג איז געקומען מיט האפנונג. אסך פוילישע הייזער פון דער סביבה זענען אפגעברענט געווארן, אבער פון דער צווייטער זייט האט דאס אליין ארויסגערופן מיטגעפיל ביי די פאלאקן צום געדריקטן, און אזעלכע שטימען האבן זיך גענומען הערן צווישן די רעשטלעך פון ניט אפגעברענטע פאלאקן, וועלכע האבן געהאט צווישן זיך אסך געוועזענע פוילישע אפיצירן, גוט געשולטע ביי געווער. בראש זענען געשטאנען די ברידער קאזלאווסקי, די ברידער ציבולסקי א.א. און מיט געווער אין די הענט האבן זיי זיך אליין געווענדעט קעגן זייערע אויפשטענדער. דאס האט אונז געגעבן שאנסן זיך פרייער צו באוועגן ארום זיי. די אנפאלן פון די אוקראינער האבן זיך גאנץ אפט איבערגעחזרט, אבער די פאלאקן האבן זיי העלדיש אפגעשטויסן, מיט פארלוסטן אויף דער אוקראינישער זייט. אזוי האט זיך געצויגן דער גאנצער זומער 1943 ביז הערבסט. און אין צווישנצייט זענען אונז צוגעקומען יידן מיט געווער : דאס זענען געווען די קאזינס פאדי, איינער איז היינט אין תל-יוסף, און לייביש ווינאקור.

שטיצנדיק זיך אביסל אויף זיי, מיט זייער געווער, זענען מיר שוין ארויס אויך אין וואלד אריין, און אויך געמאכט פארמאסקירטע סכראנען, און צוליב די אפטע און שווערע אטאקעס פון די אוקראינער, האט זיך שוין ניט איינמאל געמאכט, אז די פאמיליע באגדאן איז געקומען צו אונז אויף נעכטיקן — עד יעבור הזעם. עס האט זיך צו אונז אין וואלד אויך צוגעשלאגן א דובנער משפחה,

שלמה מאליער מיט פרוי, זון און טאכטער, ווי אויך יודל שיכמאן מיט זיינע 2 טעכטער, און משה נייטער — אזוי, אז אין וואלד זענען, חוץ מיר און מיין פרוי סאניע און שוועסטער מאמצע, און מיין פלימעניצע שרה שיכמאן ז״ל, מיט אפגעפרוירענע פיס, אויך בתיה, נחמן גולעצקערס פרוי, און איר טאכטער שושנה, 4 יאר אלט, ראזי מיט איר קינד תמי, 4 יאר אלט, יודל שיכמאן מיט זיינע 2 טעכטער, פייגע מאנדלקארן מיט איר מאן, בערנשטיין פון בערימליע, און די ברידער ראווערמאן פון טראוויץ, היינט אין חיפה, יונה וויינער, היינט שוטר אין חיפה, און נאך 2 יינגערע יינגלעך פון טראוויץ.

חוץ מזה האבן מיר שוין געגומען שפירן די טריט פון גאולה. עס האט שוין פארבלאנזשעט צו אונז אמאל א קליינע גרופע פארטיזאנער, און עס זענען שוין צו אונז דערגאנגען קלאנגען פון גרויסע דייטשע מפלות אויף די פראנטן; עס זענען שוין געווען אסך סימנים פון גאולה.

## גוי — מלאך

איך וויל דא דערמאנען צום זכות, אז דער הויפט-פארבינדער איז געווען ביי אונז דער טייערער באגדאן. אלע יידן, אן אויסנאם, וועלכע האבן זיך געדרייט אין יענער צייט אין דעם דאזיקן וואלד-אפשניט, ד.ה. דאבראטינער נאווינעס ביי דער פאנסקע-דאלינע — האבן געהאט איין-איינציקן אדרעס: באגדאן. א זיכערער פארטרויאונגס מאן. און ווען מיר האבן געדארפן גראבן סכראנעס, און פאר יעדערן באזונדער צוליבן חשש, מען זאל ניט אלע אנטדעקן — איז טאקע דער גרעבער בין איך געווען, אבער ווו נעמט מען א האק, א זעג א זאסטופ — ביי באגדאנען. און כדי צו וויסן גענוי ווו צו מאכן די סכראן, עס זאל חלילה ניט זיין נאענט פון א אוקראינישן ישוב, פרעגט מען וועמען? — באגדאנען. און אז עס לאזט זיך אויס פראוויאנט און מען וויל ביינאכט גייען צו א זיכערן פויער פון דער סביבה, כדי צו באקומען ערנערונג, און מען ווייסט ניט ווי אזוי מען גייט דורך די וואלד סטעזשקעס — נעמט מען מיט באגדאנען, און ער זאגט קיין מאל ניט אפ; און דאס אלץ נישט פאר בצע-כסף אדער ענליכעס, נאר פון זיין גוטן כאראקטער און גוטסקייט.

איך וויל דא אויך צוגעבן, אז אין פארלויף פון דער צייט האבן אסך וויכטיקע באדראהונגס געשעענישן פאסירט, און שטענדיק איז באגדאנס הילף געווען די ערשטע און די נוצלעכסטע.

## די גאולה

ביז... אין א געוויסן שבת אין די פרימארגן שעהן, אין סוף פעברואר 1944, בערך נאכן אפעסן אונזער פרישטיק — און מיר זעען ווי ביידע טעכטער

פון יודל שיכמאן, וועלכע האבן די נאכט געגעכטיקט אין די פארלאזטע פוילישע הייזער, זענען געקומען צו לויפן צו אונז אין וואלד אריין, און מיט שרעק דערציילט, אז אן ארמיי פון הונגארישע חיילות מיט דייטשע אנפירערשאפט זענען היילנדיק פארביי דעם הויפט שלאך, וואס פירט צום סטיר אין טראוויך! א רעטעניש. זאל דאס זיין א ריקצוג? אפשר, אפשר! רחלה קוואסגאלטער, וועלכע איז געווען ביי א טשעך אין דער מאלאוואנע אלס אריערין, און האט געוווסט פון אונז, האט זיך אויף פונקט דעם שבת דערלויבט צו קומען לאור-היום ביז באגדאנען, אויך מיט דער זעלבער ידיעה. עס גלויבט זיך ממש ניט. מיר געכטיקן נאך אין וואלד אין סכראן, און עס האט זיך במשך היום, געגומען פארשפרייטן מער און מער אזעלכע קלאנגען, ביז פארנאכט. און ביי באגדאנען אין דער כאטקע איז די אספת-השמחה, און עס קומט אריין משה נייטער און שטעלט פעסט, אז מער וועלן מיר דא די דייטשן שוין ניט זען אלס הערשער! היינו כחולמים. עס האט זיך ניט געגלויבט ממש, כאטש מיר האבן שוין געהערט וויטע שיסערייען פון ארטילעריע, און פארשידענע פליערס, וועלכע האבן געמאכט דעם איינדרוק פון פרילינגס פויגעלעך — און דאך האבן מיר עפעס ניט געוואלט גלויבן. ביז אין 3 טעג ארום האבן מיר שוין באגעגנט א סאלדאט, פון דער רעגולערער רוסישער ארמיי, אויך ביי באגדאנען אין שטוב, און ער האט אונז שוין אפן און קלאר דערקלערט, אז די רוסישע ארמיי איז שוין אריבער העט-העט לענג-אויס דעם סטיר, ד.ה. נאך לויצק, און מיר מאכן א שהחיינו אויף דער ערשטער נאכט, וואס מיר האבן שוין געגעכטיקט אין א הויז אויף דער ערד און נישט אונטער ערד.



עס האבן זיך באלד ארויסגעיאוועט געצל, פעסי און בוניע שטיינבערג מיט זייערע קינדער, מענדל און שיינדל שטיינבערג מיט זייער קינד, ליזע בערגער, פאמיליע גאלדרייך און זייער קינד, ברידער און שוועסטער קופענבערג, און יעדער פון אונז האט באגעגנט דעם צווייטן מיט בלוטיקע טרערן פון פרייד און טרויער, און עס האט זיך אונז באקומען א פאר-געפיל, אז ס'וועט נאך עמעצער פון דער משפחה זיך ארויסמעלדן פון זיין באהעלטעניש. און אזוי איז עס געשעען מיטן פלוצומדיקן אנקומען צו אונז, אין באגדאנס כאטקע אריין, נחום, רחל, אשר, שפרה און יוסף פון די טשעכישע גאווענעס. זיי זענען, וואס אמת, געקומען צו קריכן, נישט צו גייען, ווייל זיי זענען די לעצטע פאר טעג פון דער באפרייאונג געווען פשוט אין גרויס געפאר פון פאראט, אי דער באשיצער זייערער, אלאטקע, אי זיי אליין. און כדי דאס אויסצומיידן, האבן זיי געמוזט ליגן אין סכראן א לענגערע צייט אן עסן און אן טרינקען און שטארק צוזאמענ-

געפרעסט אין א קליין גריבל. עס האט זיי לאנג גענומען ביז זייערע פיס האבן זיך צוגעהיילט, און ביז היינט צו־טאג פילן זיי נאך יענע פאר טעג. און נאכער האבן מיר שוין באגעגענט יצחק קאזאק מיט זיין גערעטעטער משפחה. אויך אלי ווייצערס פרוי און שוועסטער, און נאך אייניקע. און נאך אן אלגעמיי־נעם באשלוס, כדי ניט צו זיין באדראעט פון א ריקצוג, האבן מיר בעשלאסן זיך אריבערוואַרפן קיין ראָוונע.

## ראָוונע

וועגן קערן זיך צוריק קיין מלינאוו האט קיין רייד ניט געקענט זיין. מלינאוו איז דאן געווען געדיכט באזעצט מיט מיליטער און איז אלע מאל באמבארדירט געווארן פון דער נאצישער חיה, וועלכע האט זיך נאך געוואָרפן אין קאנוואָלסיעס. איז, דאריבער, געפאלן דער באשלוס — ראָוונע. די מאטיוון: ווייטער פון פראנט, א גרעסערע שטאט. חוץ מזה איז נאך געווען א גרויס געפאר פון די בענדעראָווצעס. זיי האבן נאך, נאך דער באפרייאונג, נישט איין איבערגעבליבענעם ייד דערמארדעט, און די געפאר איז געווען אגאנץ ערנסטע. מיר האבן פארשטאנען, אז אין ראָוונע איז די געפאר א קלענערע.

איבערוואַרפן זיך קיין ראָוונע מיט אונזערע בלויזע דארע ביינער איז ניט געווען קיין שווערע זאך, ווייל קיינע אנדערע באגאזשן האבן מיר אבסאלוט ניט פארמאגט. און אזוי האבן מיר געמאכט. מיר זענען אנגעקומען קיין ראָוונע, זיך אויך געטראפן מיט אזעלכע רעשטלעך ווי מיר, פון ווארקאוויטש, אזעראני, קלעוואן א.א. איינער ווארפט זיך אויפן אנדערענס האלז, און מען שרייט, וואס איז פון אונז געווארן... זיך גוט אויסגעוויינט און זיך גענומען ארומקוקן, ווי האלטן מיר אין דער וועלט, און עס האבן זיך אנגעהויבן פרישע צרות. צרות פון מאביליזאציע, און גלייך אין פייער אריין; צרות פון שווערע באמבארדי־רונגען, אויסער די מינדערוויכטיקע צרות פון הונגער און קעלט; דאס לעצטע האט ביי אונז איבערהויפט קיין ארט ניט פארנומען. איך פערזענלעך, ווי אסך אנדערע, בין געווען שטארק אויסגעמאטערט, און געלומט אויף א פוס, אלס ירושה פונם װאלד, באוואקסן ווי א חיה, האב געמאכט דעם איינדרוק ווי א ייד אין טיפן עלטער — האב זיך דערשלאגן צו ארבעטן אין גאמס מיל, אין ראָוונע. און דאס האט מיך געשיצט אביסל פון מאביליזאציע, און אביסל פון הונגער־נויט, און וויפל איך האב געקענט, זיך געטיילט מיט א שטיקל ברויט מיט נאך עמעצן. אזוי, למשל, האט זיך מיר אראפגעיאָוועט משה גאלצעקערס זון (מישא מיט דער בארד), מאביליזירט צו דער ארבעט אין מיל אריין, הונגעריק און דארשטיק — אים אויך באזארגט מיט א פאר פלעצל, וכדומה.

אבער וואס טוט מען מיט דער באמבארדירונג? — א זייער ערנסטער

פראבלעם, וועלכער גיט ניט קיין רו בייטאג און א גאנצע נאכט. דערצו בין איך אין א געוויסן טאג צופעליק געוואר געווארן, אז מיין שוועסטער מירלס ז״ל, 2 קינדער זענען ניצול געווארן און לעבן אין צ׳ארטאריסק, ביי קאוועל. איך האב באלד געשיקט אן אלטן ייד, מיט א גאנץ ווייסער בארד, אז ער זאל מיר זיי ברענגען. ער האט מסכים געווען דאס צו טאן בתנאי, אז איך זאל נעמען א דריט קינד. ניט געקלערט, שוין מסכים געווען, און טאקע אומר ועושה — דער ייד פארט שוין, און צו מארגענס זענען שוין דא 3 קינדער: מאטיל, ליובא און פערעלע. עס איז ניט צו באשרייבן די באגעגעניש פון מיר און מיין ווייב סאניע מיט די קינדער. אבער אין דעם זעלבן אוונט איז די באמבארדירונג פון הונדערטער עראפלאנען געווען אזוי שטארק, דאס מיר האבן בשעת-מעשה פון אונזער לעבן שוין ניט גערעדט, נאר שטארק באדויערט, וואס מיר האבן געברענגט די קינדער אין אזא גרויס געפאר. און גאט האט דאס מאל געהאלפן, מיר זענען ניצול געווארן פון דער שרעקלעכער נאכט אויך.

## קיין מלינאוו!

און אין א גרויסן מאיאווען פארטאג, 1944, זיך געלאזט קיין מלינאוו, זייענדיק זיכער, אז אזוי ווי דער פראנט איז שוין נאך לעמבערג, וועט מען שוין מסתמא אזעלכע קליינע פונקטן ווי מלינאוו נישט באמבארדירן. געלאזט זיך אין וועג אריין אזוי ווי גרינגע פאסאזשירן, אנגעקומען קיין מלינאוו. דער רעש א שטילער. געטראפן דארטן בערל ראבינאוויטש, שלמה שעכטמאן, טויבשע דעם רב׳ס. שאוליק גאלפערן, וועלכער איז געווען מיט איר אין סכראן, איז ביי דער באפרייאונג אויך מאביליזירט געווארן. איך מיט מיין פרוי סאניע און שוועסטער מאמצע, און די 3 קינדער אונזערע געבראכט מיט זיך. נחום, רחל, יוסף און שפרה. אשר איז שוין געווען מאביליזירט. אויך דארט געטראפן חנה וויינער, יצחק מאנדלקארן מיטן קינד, יענטע-לאה ליכטער, חיה פישער, היינט אין כנרת, פייגע און איטקע מאנדלקארן, לייביש ווינאקאר, און די שוועגערינס טאכטער, שרה ז״ל, ווי אויך עזרא שערמאן, פאמיליע גאלדרייך און אפאר געציילטע יידן פון דער סביבה.

עס האט פאמעלעך גענומען אפגייען דער חלום פון דער שווארצער, אזוי לאנגער נאכט, וועלכע האט זיך אזוי פאטאל געענדיקט פאר אונז יידן בכלל, און מיר האבן זיך ניט געקענט ארומקוקן ווער עס פעלט, נאר ווער איז נאך דא. שווער! זייער שווער איז געווען צו געבן א תשובה אויף דער פראגע ארומגייענדיק טאג אזוי נאכט אויף א בית-הקברות, ווען דו זעסט מיט דיינע אויגן, אז אלץ ארום איז דא און לעבט און אלע דייניקע זענען טויט, און זיי

וועלן שוין קיינמאל דא ניט זיין. און עס פלאגט דער געדאנק, צו עס איז כדאי געוועזן צו שיצן די טרוקענע ביינער? און אפשר וועט נאך אמאל אנוואקסן אויף זיי פלייש?... אבער דאס לעבן איז שטארקער פון אלעס, און עס האט עפעס אינסטינקטיוו גענומען זאגן דער געדאנק אז... אז אזא גרויסער בראך האט נאך טאקע די ידישע געשיכטע ניט געהאט אין איר בלוטיקער היסטאריע, אבער אפשר וועט זיין דער בראך פון ברמיך חיי? יא, אזוי איז דאס ניט אנדערש, און מען מוז נעמען זיך ערנסט פארטראכטן איבער דעם. און דערמיט האט זיך אנגעהויבן אונזער שיבת-ציון געדאנק.

וואס מיר האבן געטאן אין מלינאוו אין משך פון די 15 חדשים, זייענדיק דארט נאך דער באפרייאונג, איז מינדערוויכטיק. אויב מיר ווילן דערמאנען דעם אנדענק, וואס מיר האבן באוויזן צו שטעלן אונזערע קדושים, איז גאט ווייסט צו ער שטייט נאך דארט ביז היינט. קומענדיק קיין מלינאוו פון ראוונע האב איך, מיט מיין שוואגער נחום און איטקע מאנדלקארן, אביסל אויסגעראמט דעם שוין כמעט צעבראכענעם אוהל אויף דעם מלינאווער בית-עלמין, און געפראוועט א יאר-צייט אזוי ווי אמאל, כשנים קדמוניות... עס האבן זיך נאך געוואלגערט ארום דעם אוהל קוויטלעך, וועלכע יידן פון מלינאוו, און פון ווייט, האבן געשריבן, און זיי מיט הייסע טרערן פון בקשות געווארפן אויף דעם קארלינער צדיקס קבר. וואס שייך מצבות, זענען כמעט ניט געווען אויף דעם בית-עולם — אלעס איז ארויסגעריסן געווארן, און פארשפרייט פאר טראטוארן אין גאנץ מלינאוו, ווי עס איז זיי נויטיק געווען. עס האט געמאכט דעם איינדרוק פון א נקמה-אקט אויך אין די שוין לאנג טויטע. צוריקצוקערן די מצבות אויפן בית-עולם איז געווען פאר אונז פיזיש אונמעגלעך. אויך די הערשענדע מאכט האט זיך ניט שטארק געגויטיקט אין אזעלכעס. די איינציקע מצבה, וואס מען האט זי ניט ארויסגעריסן איז געווען יוסף בערגערס ע"ה, און מיר האבן זי מיט אונזערע שוואכע כוחות צוריק אויפגעשטעלט אויף איר ארט. וואס איז היינט מיט איר? אין מערוויץ איז דאן דוקא אויף דעם בית-עולם אלעס כמעט געבליבן ווי געוועזן, נישט געריהרט כמעט.

איך מוז מודה זיין, אז שפאצירנדיק איבער די מלינאווער גאסן אין יענער צייט, ווען אסך פון די באטייליקטע אין מארד פון אונזערע טייערסטע זענען מיר געווען ווי א דארן אין אויג — איז דאס כאטש אונז געווען א שטיקל סאטיספאקציע, כאטש בחדרי-חדרים האט מען געמוזט לאזן א טרער... עס איז מיר נאך פריש אין זכרון דער ערשטער חג-שבועות נאך אונזער צוריקקער קיין מלינאוו פון ראוונע, ווי מיר האבן מיט אנגעשטרענקטע כוחות, דורך נחומס דרוק, אביסל אוסגערייניקט די ווייבער-שול פון בית-הכנסת, כדי מזכיר-נשמות

זיין. עס איז ניט לייכט צו שילדערן דאס היסטערישע בילד פון די געציילטע מענטשן, די בלוטיקע טרערן, וואס די מענטשן האבן פארגאסן אין דעם ערשטן באפרייטן שבועות אין דער מלינאווער ווייבער-שול. די דאזיקע טרערן האבן זיך זיכער צוזאמענגעגאסן מיט יענע טרערן פון דעם גרויסן נאך געוועזענעם קהל אין געטא, אין יענעם בית-הכנסת, דעם לעצטן שבת חול-המועד, מיט קנאפע 2 יאר צוריק, פראוועגדיק דאן די לעצטע לעבנס תפילה פון א גאנצער פאראורטיילטער עדה.

און אזוי האבן מיר געמוזט ווייטער איבערגייען צום סדר-היום. דעם צעבראכענעם געמויערטן בית-הכנסת האבן מיר דאן פארוואנדעלט אין א תבואה-אמבאר, מיט דעם חשבון, אז עס וועט זיך נאך אמאל אפשר צונויפזאמלען א גרעסערער טייל לעבענס געבליבענע יידן — איז גלייכער, עס זאל זיין וואס נאך אפצונעמען, איידער דערלאזן אים צורייסן ביסלעכווייז אינגאנצן אויף ציגל, אין וועלכע די באפעלקערונג האט זיך דאן שטארק געגויטיקט, צוליב דער רואינירונג פון דער מלחמה.



איך גלויב, לויט די בריוו, וועלכע איך באקום אפט פון א מערוויצער פויער, אז די שול שטייט נאך. וואס שייך די פארבליבענע הייזער, אין אלגעמיין צו יענער צייט, זענען די בעסערע און געמויערטע הייזער נאך דאן געווען בסדר. אין די באך גוטע הייזער זענען פארוועגדעט געווארן מייסטינס אויף מלוכהשע אינסטיטוציעס. ווי למשל, שמעון שעכטמאנס הויז אויף א נ.ק.וו.ד., מאיר קוואסגאלטער — אויף א מאביליזאציע אמט. אין רבס הויז האבן געוווינט טויבישע, און געצל שטיינבערג מיט דער פאמיליע ; אין משה זידערס הויז — מענדיל שטיינבערג און פאמיליע, נחום און פאמיליע ; אין זיין הויז — ארקע ע״ה און טאכטער ; אין זיין הויז — שלמה שעכמאן. בערל ראבינאוויטש מיט אים ביי זיי אין הויז. איך האב בשום-אופן אין מערוויץ ניט געקענט וווינען. עס האט זיך מיר געדאכט, אז אין מערוויץ זע איך אלע שרעקלעכע בילדער שטענדיק פאר די אויגן, און מיר האבן דערפאר צוגעריימט א צימער אין דער חורבה פון יעקב טעסלערס ז״ל שטוב און דארטן געוווינט מיט מיין פאמיליע.

מיר האבן גוט געוווסט און שטענדיק געדענקט, הן פון דערציילונגען פון די ארטיקע גויים און הן פון די אויסגראבונגען, וואס די מאכט האט דאן געמאכט צוליב אירע צוועקן — אז כמעט נעבן יעדן ידישן הויז איז א בית-עולם. און אז מיר גייען ארום טאג און נאכט אויף א גרויס-געווארענעם ב״ע. און צו פאראייביקן דאס מיט דענקמעלער, איז דאס פון אונז בשום-אופן ניט מעגלעך געווען.

**צו איז דא אין לעבן א טרייסט אויף אזא בראך ?**

יחיאל שרמן
חיפה

# הפרידה מן הבית

22 ביוני 1941. השעה 4 לפנות בוקר. התחלתי אז להתלבש, כדי ללכת לעבודה. פתאום שמעתי רעש גדול ומוזר. הבתים כאילו זזים ממקומם. יצאתי מהר החוצה ולא ראיתי דבר. התחלתי ללכת לכיוון מרכז העיירה. ליד ביתו של רבינוביץ כבר ראיתי כמה יהודים עומדים ומספרים, שהפציצו את שדה-התעופה, שהיה מעבר לנהר איקווה.

כבר בשעה 9, באותו יום, התחילו לדבר על מלחמה שהגרמנים הכריזו על רוסיה. עמדו אנשים רבים ודיברו על האסון הזה, אם כי לא ידעו לספר על כל פרטים. אולם כבר בשעה 2 אחה״צ, כשהלכתי לכיוון הצרכנייה, שהיתה בשעתה מול בית אבא גרינשפון, שמעתי וראיתי פתאום אוירונים מתקרבים מכיוון דובנה ומתחילים להשליך פצצות על שדה התעופה ולאחר מכן גם על מלינוב עצמה.

באותו זמן כבר נהרגו אנשים והפאניקה התחילה. הפחד היה גדול אצל כולם. התחילו לרוץ, מן העיירה לכל כיוון אפשרי. אני ומשפחתי, אחותי שיינדיל, אחי יוסף ועזרא וכן הסבתא חנה והדודה צביה ברחנו לכפר סלובודה; שם היה לנו מכר אחד, גוי, ארסים הגבוה.

נכנסנו אליו למתבן ונשארנו שם. התאספו לשם עוד אנשים ומשפחות ממלינוב. באותו לילה לנו כולם אצל ארסים. למחרת התחלנו לנתח את המצב, אולם בבוקר עדיין היינו מחוסרי ידיעות, שיוכלו לעזור לנו לכך. ראינו רק, כי הצבא זז במהירות של בריחה לכיוון רוסיה. מה לעשות? הייתי אז בן 18 — ודעתי היתה כי לא צריך להישאר כאן ולחכות לבוא הגרמנים. וסימן פשוט וחותך היה לי: אותו ארסים, שאצלו לננו ובצילו הסתופפנו — כבר שתה בבוקר וודקה לחיי הגרמנים ולחיי אוקראינה העצמאית. הבנתי שסופנו יהיה מר.

ובאותו יום, 23 ליוני 1941 נפגשתי עם פנחס קלפר, משה ויהודה ויינר, גרטניק קויפציה — והחלטנו לברוח בלילה לכיוון הגבול הרוסי. אני עצמי חזרתי עוד למלינוב, כדי לשכנע כמה בחורים, שיברחו יחד אתנו, אך לא הצלחתי. בין השאר ניגשתי אז לאיציק קוזק וביקשתיו שירשה לבנו ראובן ללכת אתנו — והוא סירב. חזרתי לסלובודה. בדרך פגש אותי יחזקאל ליברמן,

שהתגורר בדרך לסלובודה, ושאל אותי: "יחיאל, לאן אתה נוסע?" אמרתי לו, שאני ועוד כמה חברים בורחים לרוסיה. הוא התחיל לדבר על לבי לא לנסוע: הדרך היא בחזקת סכנה ועשויים להרוג אותנו. לא שמעתי בקולו והמשכתי לכפר סלובודה. סיפרתי על הנעשה במלינוב ועל דעתם של אנשים על בריחתנו — אך בני משפחתי, ובתוכם אבי משה שרמן, היו בעד זה שאברח.

היה זה יום שני 23 ביוני. התאספנו שוב: אני, יחיאל שרמן, יהודה ויינר ואחיו, המורה ברשטיוזקה, פנחס קלפר, קויפציע גרטניק — ישבנו על אופניים והתחלנו לברוח בכיוון רוסיה. כמובן, בדרך איבדנו איש את רעהו... רק אני ומשה ויינר התמדנו לרוץ ביחד עד הגיענו לגבול.



בית ד"ר ויסלוצקי במלינוב.

רק אז התחילו הצרות וגם... הגעגועים על האחים והאחיות, שהשארנו מאחורינו. יום-יום שמענו את החדשות, בהן נאמר, שהגרמנים מתקדמים והורסים את הכול, הורגים יהודים. למען האמת, אז לא האמננו, כי אכן מתקיים הדבר במציאות.

במשך שהותי ברוסיה עבר עלי הרבה. גילגולים רבים לאין-ספור. עד מרץ

1942 הייתי בקולחוז, אחרי כן לצבא האדום ולחזית עד סוף המלחמה, שבשבילי נסתיימה בהיותי כבר בתוך גרמניה ליד הנהר אלבה, בפגישה עם הצבא האמריקני ביום 10 במאי 1945.



במרץ 1944, בדרך התקדמותי עם הצבא האדום לגרמניה, הייתי קרוב מאוד לעיירתי מלינוב, והחלטתי להגיע הביתה בכל מחיר. לאחר 3 ימי נסיעות הגעתי לפתחו של יער מלינוב. כבר עם כניסתי לעיירה ראיתי את החורבן הגדול שהביאו הגרמנים עליה. בתחילה נכנסתי לבית הקברות וראיתי שהם החריבו הכול. חיפשתי את מצבתה של אמי, שנפטרה עוד בשנת 1938 וידעתי את מקום קבורתה — אך לא יכולתי למצוא כלום; הגרמנים נטלו את המצבות לסלילת מידרכות.

התחלתי להיכנס לעיירה פנימה. בדרך התעכבתי ליד כל בית, חשבתי, אולי אפגוש מישהו בבית — אך לא מצאתי אף אחד... עד שהגעתי לפולני אחד, נגר, ששמו היה דימאר; היה גר אצל משה שקראב, הסנדלר. הוא לא הכיר אותי, משום שהייתי במדי צבא. והוא התחיל לספר לי את שמותיהם של אלה, שנשארו בחיים. את כולם מצאתי בבית הרבי של העיירה. מצאתי שם את טויבטשע, את געצל ואת אחיו מנדיל ממרוויץ. כן את בריל רבינוביץ ושלמה שכמן; שאר הניצולים עברו כבר אז לרובנה.

והם סיפרו לי על החורבן הגדול, שהרוצחים עוללו. לא נשאר לי מה לעשות במלינוב — ולמחרת קמתי וחזרתי ליחידתי. לאחר זמן-מה קיבלתי מכתב ממלינוב, שאחי הקטן, עזרא, חי. אולם הייתי אז כבר רחוק מהעיירה. עזרא הסתתר אצל גוי, ובנס גדול נשאר בחיים. בזמן השיחרור נכנס לצבא האדום והתקדם יחד אתו. אולם עד סיומה של המלחמה לא יכולנו להיפגש; וכשנפגשנו לא נפרדנו עוד עד היום הזה.

---

**תבוא כל־רעתם לפניך,**

**ועולל להם כאשר עוללת לי...**

**(איכה)**

ליזא בערגער
**בראזיל**

# געוואגלט אין פּיין און הונגער

מיין ערשטע פּיין הויבט זיך אן, ווען באלד אין די ערשטע צייט, ווי די באנדיטן זענען אריין אין שטעטל, האט מען געכאפּט צו דער ארבעט; דער יודנראט האט צוגעשטעלט די ארבעטער. מיר זענען געווען ביי 50 מענטשן: מיידלעך און פרויען, מענער און קינדער. מ׳האט אויסגעקליבן מיידלעך צו וואשן די מאשינען אין טייך.

מ׳האט אריינגעשטעלט 20 גרוזוויקעס, און מיר מיידלעך זענען געשטאנען אין טייך ביז די גארטלען און געוואשן די מאשינען, פון 10 אין דערפרי ביז 6 אוונט. ס׳איז געווען סעפּטעמבער 1941, און ס׳איז גראדע דאמאלס שוין זייער קאלט געווען, א פראסט. און ווען מ׳האט אונז געהייסן גייען אהיים האט יעדער באקומען 3 נאגייקעס-קלעפּ — דאס איז געווען די באצאלונג.

ווען מיר זענען אהיימגעקומען האבן מיר גארנישט געהאט וואס צום עסן; די פּויערים האבן דעם טאג גארנישט געברענגט אין שטעטל אריין.



איינמאל האבן מיר, יוגנט, זיך צוזונויפגערעדט, אז מיר דארפן עפּעס אויפטון און נישט זיין אזוי נאאיוו. מיר האבן באשלאסן צו גיין אין וואלד אריין. מיר זענען אוועק נעבן מאנטין און דארט האבן די יינגלעך געפינען א סטאדאלע; זיי זענען דארט געבליבן און מיר, די מיידלעך, זענען געגאנגען זוכן ברויט. ווען מיר זענען צוריקגעקומען האבן מיר זיי שוין געפונען נאקעטע און דערהרגעט. דאן האט זיך אנגעהויבן אונזער וואנדערן אן א ציל און אן אן עקזיסטענץ. צו וועלכן קריסט מיר זענען אריינגעקומען, האט מען אונז נישט געוואלט געבן קיין שטיקל ברויט, און מיר האבן נישט געהאט ווו דעם קאפּ אוועקצולייגן.

די אנדערע מיידלעך האבן זיך פון מיר אפּגעטיילט און כ׳בין געבליבן אליין אין וואלד. ביינאכט בין איך פארגאנגען אין פאנסקע דאלינע, און כ׳האב דארט געוואלט אריינגיין צו א קריסט אין דער סטאדאלע. ער האט דאס דערזעען און מיך ארויסגעטריבן פון דארט. דאס איז געווען 12 ביינאכט. דער שניי איז געווען א מעטער הויך. דאס איז געווען אין נאוועמבער. כ׳בין געווען נאר אין אפּאר טרוסן, אן שיך און אן א קליידל, ווייל פריער האבן מיר עטלעכע אוקראינער

געכאפּט און געפּאדערט פון מיר געלט. האב איך זיי אוועקגעגעבן מיין גאנץ אנטועכץ.

צוויי ביינאכט פלעג איך גייען זוכן עפּעס עסן. איך פלעג ארויסכאפּן מיר אויס. איך האב געכעוועט ווי א ווילדע חיה. דער פויער האט עפּעס געהאט פון דער קארטע אפּאר שמוציקע קארטאפל. מאנכע נעכט פלעג איך אויך דאס פארשפּעטיקן. פלעג איך צוריקגייען אין וואלד מיט גארנישט. אויפן וועג האב איך געזעען דעם מלאך-המוות פאר די אויגן — פון קעלט און הונגער.

איינמאל בין איך אריין אין א סטאדאלע זייער שפּעט ביי נאכט און שטארק געפילט הונגער און קעלט; כ׳בין דארט אנטשלאפן געווארן. ס׳האט זיך מיר געחלומט, אז מיין מאמע קומט צו מיר און גיט מיר א שטיקל ברויט — כ׳האב זיך אויפגעכאפּט, ס׳איז געווען נאר א חלום. איך האב געפילט ווי די נשמה גייט א פארגעפיל, אז אין זיין סטאדאלע שטארבט א מענטש פון הונגער; איז ער ארויסגעקומען מיט א טעפּעלע קאלטע קארטאפלעס. ווען ר׳איז אריין אין סטאדאלע האט ער מיך געטראפן רעווען. ווען כ׳האב אים דערזעען האב איך ביי אים ווילד ארויסגעכאפּט דאס טעפל און אים שיעור נישט צעביסן. ווען כ׳האב אויפגעגעסן דאס ביסל עסן, האב איך זיך אביסל בארוהיגט.



דעם 25-טן דעצעמבער. די קריסטן זענען געגאנגען אין קלויסטער אריין ביז 12 ביינאכט. כ׳בין געווען זייער שוואך, שוין ווידער 5 טעג נישט געגעסן, האב איך געקלערט, זאל שוין זיין וואס ס׳וויל — ווייטער קאן איך נישט אויסהאלטן. כ׳גיי זוכן ברויט, אפשר וועט ווער רחמנות האבן אויף מיר. כ׳בין צו צו א פּאלאקס א טיר און אנגעקלאפּט. באלד האב איך דערהערט פון אינעווייניק: ״דארט איז א יידין!״ כ׳בין געווען כמעט נאקעט, די פיס מיט שמאטעס ארום-געוויקלט, ווען די קריסטין האט אויפגעעפנט די טיר; זי האט דערזעען א לעבעדיקן מת. זי האט זיך דערשראקן און ארויסגעווארפן א שטיקל ברויט מיט א שטיקל ציבעלע און געגומען שרייען צו די פאמיליע: ״זעטס, ווי א פרוי איז משוגע געווארן!״ כ׳בין געווען גליקלעך מיטן פּיצל ברויט.

און ווייטער אוועק 5 טעג אן עסן; איך בין אין וואלד. כ׳בין ווידער געגאנגען עפּעס זוכן, פון דערווייטנס האב איך געזעען א שטוב און אנגעהויבן גייען צו איר. דער וועג האט זיך געצויגן לאנג ווי דאס יידישע גלות, כ׳האב נישט געקאנט קומען צום סוף. דער זייגער איז געווען 3 ביינאכט, און דער פראסט ביי 30 גראד. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט און די לבנה פול. ווען כ׳בין ארויס פון וואלד האב איך געזעען ווי איינער גייט מיר נאך. בין

איך געלאָפן — לויפט ער נאָך. האָב איך זיך אַרונטערגעלייגט אונטער אַ בערגעל — דאַן האָב איך געזעען, אַז געיאָגט האָט מיך מיין אייגענער שאָטן... ס'איז מיר זייער שווער געווען דאַמאָלס זיך אויפהויבן און גייען ווייטער, און ווען נישט דער דראַנג צום לעבן און איבערלעבן, וואָלט זייער לייכט געווען שוין דאָרט איבערבלייבן אויף אייביק.



איינמאָל בין איך אַריין צו אַ פּאָלאַק אינעם דאָרף "פּאַנסקאַ דולינה" — אַ רייך דאָרף. ווען כ'בין נאָר אַריין אין טיר, האָבן זיי מיר גלייך דערקענט — "ליזאַ בערגער!". זיי האָבן מיך אַריינגענומען אין קיך אין אַ ווינקל, מ'זאָל מיך נישט דערזעען פון דרויסן, און כ'זאָל זיי נישט פאַר אומרייניקן די שטוב מיט מיינע לייז. זיי האָבן מיר געגעבן אַ שטיק ברויט מיט אַ גלאָז מילך. די עלטסטע טאָכטער האָט מיר צוגעגאָסן אַלע מאָל מילך, אָבער קיין ברויט נישט צוגעגעבן — דאָס איז נישט געווען. נאָר ווען די טאָכטער איז אַ מינוט אַרויס פון קיך און כ'האָב געזעען פון דערווייטנס אַ פּאָר רויע קאַרטאָפל און 7 מייערן — האָב איך זיי איינגעשלינגען אין איין מינוט!



איינמאָל אין אַן אָוונט האָט מיך אַריינגערופן אַ פּאָלאַק אין שטוב אַריין און מיר געגעבן אַביסל עסן; כ'בין געשטאַנען ווי אַ הונט און דאָס אויפגעגעסן. פּלוצים זענען אַריין אין דאָרף אַן אָפּטיילונג דייטשן, וועלכע האָבן געזוכט יידן. דער פּאָלאַק האָט מיר אַרויסגעריסן פון די הענט דאָס עסן און מיך אַרויס-געיאָגט. דאַמאָלס בין איך געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן. האָב איך געזאָגט צום גוי: אויב כ'וועל אַרויסגייען, וועל איך דערשאָסן ווערן — איז דאָך בעסער, אַז כ'זאָל זיצן מיט אייך צוזאַמען ביים טיש, וועט אַלץ דורכגייען אין אָרדנונג. זיי האָבן זיך באַראַטן און אַן אַלטיטשקע פרוי האָט געגעבן אַן עצה: מ'זאָל מיך אַריינלעגן אין בעט און צובינדן דעם קאָפּ — אַ קינד איז קראַנק.

און אַזוי איז געווען. כ'בין אַריינגעלעגט געוואָרן אין בעט. די דייטשע באַנדיטן זענען אַריין אין שטוב און געזוכט יידן; זענען אַריין אין סטאַדאָלע, אין שטאַל און געזוכט. און דערנאָך זענען זיי אַוועק מיטן "ווידערזעען".



איינמאָל בין איך אַרויס פון וואַלד און געגאַנגען צו איינע אַ גוטבאַזיצערן נעבן מלינאָוו, וועלכע כ'האָב פון לאַנג געקאַנט. זי איז געווען אַ אַלמנה, און כ'האָב געהאַט אַ חשבון, אַז זי וועט מיך לאָזן זיין ביי איר אין סטאַדאָלע. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געבלאָנדזשעט און נישט דערקאַנט דאָס דאָרף. קוים 6 אין דערפרי בין איך אָנגעקומען צו איר.

איר אויפנעמען איז באַלד געווען אַ קאַלטע. זי האָט מיך געפרעגט, ווי

האב איך געוואגט צו קומען צו איר, ווען אזוי פיל דייטשן דרייען זיך ארום. זי האט מיך שנעל ארויסגעפירט אין שטאל און געהייסן מיך אוועקזעצן; זי וועט גייען מאכן מיר עפעס ווארעמס. זי האט מיר געמאכט א ווארעם טעפל מילך און מיך ארײנגעפירט אין א דערבייאיקע נישט פארענדיקטע שטוב. אויף דער ערד האט זי מיר געגעבן די מילך און א גרויס שטיק ברויט. און זי האט צו מיר געזאגט, אז זי גייט אין א צווייטן דארף צו ברענגען מיר עפעס אנצוטון.

אבער ווען זי איז ארויס פון שטוב, האט זי א זאג געטון צו איר מוטער, אז זי גייט צום סאלטיס; און דאס איז מיר נישט געפעלן... בין איך געשטאנען אויף דער וואך, און דורך די שפארעס פון דער נישט געענדיקטע וואנט האב איך דערזעען ווי זי פירט דעם סאלטיס, כדי מיך איבערצוגעבן די דייטשן.

די שטוב איז געשטאנען נעבן א טייך. בין איך ארויסגעשפרונגען דורכן פענסטער און ארײַן אין טייך ארײַן, אין א טשערעד. די גויע איז ארײַן אין שטוב און גענומען שרייען: "ליזא, ווו ביסטו? איך וויל דיר געבן עפעס עסן". דאס אלץ האב איך געהערט ליגנדיק אין טייך. צו איר מוטער האט זי געזאגט: "פארוואס האסטו איר אפגעלאזט?" און צום סאלטיס: "דו וועסט געוויס מיינען, אז כ'האב דיך אפגענארט".

דאס אלץ האב איך געהערט. איך ליג אין וואסער, קאלט און נאס. אזוי בין איך געליגן ביז אין אוונט. ביי נאכט זענען אנגעפלויגן פויגל מיט לאנגע און שארפע פיסקלעך און מיך געהאקט און געבראקט.

כמעט פארטאג, ווען די הענער האבן שוין געקרייעט צום דריטן מאל, בין איך ארויס פון וואסער און גענומען לויפן ווי כ'האב נאר געקענט. נאך לאנג לויפן בין איך ארײַן, שוין אין אן אנדער דארף, אין א שטאל פון בהמות. ס'איז מיר געווארן ווארעם און די לייז האבן פון מיר געגאגט מיין לעצט ביסל בלוט.

אבער דאס האט נישט לאנג געדויערט. ס'איז אנגעקומען דער בעל-בית און האט מיך מיט דראהונגען פארטריבן. בין איך ווייטער געלאפן. ווהין? א בארוועסע, א נאקעטע און נאך דערצו אין מיטן טאג. האלב טויט בין אנגעקומען, נאך לאנג לויפעניש, אין וואלד ארײַן.

עס האבן זיך אנגעהויבן נאך מער ביטערע צייטן. קיין שום גוי האט נישט ארײנגעלאזט איבער זיין שוועל. דער שניי איז געווען אזוי הויך, אז ער האט פארשיט לעבעדיקערהייט.

איינמאל בין איך ארויס פון וואלד און געלאזט זיך גייען אין א דארף ארײַן, צו א פאלאק. כ'בין געווען שטארק הונגעריק. דאס איז געווען א זונטיק; כ'האב גערעכנט, אז זונטיק וועלן די רוצחים נישט קומען, אבער די

אויסרעכנונג איז געווען א פאלשע. דווקא אום זונטיק זענען די דייטשן געקומען כאפּן פאלאקן אויף ארבייט קיין דייטשלאנד. מ׳האט מיך אויך געכאפּט און צוזאמען איבערגעשיקט געווארן קיין דובנע צום באנהויף.



## דער אוי פון באדויער

פאַרוואָס איז עס דווקא פונקט אזוי ?

עס צאנקט אין דער פראגע א שטענדיקער אוי,
אזוי ווי דער קנויט אין דעם לאָמפּ פון אן אָבל.

ער וויינט און ער מאָנט, ווי די שריפט אויף א טאָוול —
ווי ס׳טענה׳ט און מאָנט מיט זיין שטיינערנעם כתב
דער קורצער סך־הכל פון אן עפּיטאף.

פון זיך אליין וויינט ער, דער אוי פון באדויער,
אפילו ווען הערן אים הערט נישט קיין אויער ;
ער רייסט זיך פון הארצן ארויס און ער רעדט
ווי ליד פון א פויגל, ווי ס׳זינגט א פּאָעט.

נישטאָ אזא כוח, וואָס קען אים פארהאלטן,
נישט לאָזן אים רעדן — דעם אוי פארבאהאלטן
דורך יאָרן פון פּיין זינט דעם אָנהויב פון צייט —
ווייל ווי ווערט מיט ערשטיקער שארפקייט באנייט
אין יעדן באזונדער וואָס ליידט אן אבידה.

אלף כ״ץ

שאוליק האלפערן
טאראנטא, קאנאדע

# חורבן

דעם 22 טן יוני 1941 האבן די נאצישע מערדערס איבערגעטראטן די פּארשאלטענע פּוילישע ערד און, ווי א בליץ, פארנומען פּוילן אין שעהן. און באלד האָבן זיי זיך גענומען צו דער מערדערלעכער ארבעט, און ס׳האָט זיך באלד גענומען גיסן יידיש בלוט.

ס׳האָבן זיך באלד דערהערט ווײ־געשרייען פון יידישע שטובן. די נאצן זיינען ארומגעלאָפן ווי טייוולאַנים, ווי ווילדע בלוטדאָרשטיקע חיות פון הויז צו הויז. געשלאָגן אָן רחמנות, געמאָרדעט אָן א וואס. מ׳האט נאר געהערט די ״יודע שוויין״ ״יודע הערויס!״ מאמעס האבן זיך די האר אויסגעריסן פון קאָפּ. מען איז געלאָפן וווהין די אויגן האָבן נאָר געטראָגן. קינדער זיינען אפגעריסן געווארן פון מאמעס, און מאמעס פון קינדער.

און די אוקראַאינישע מערדער האבן זיי צוגעהאָלפן צו זייער עקלדיקע ארבעט. די שיסערייען האבן זיך געהערט פון איין עק שטאט ביז דער צווייטער. שוין אין די ערשטע טעג האָבן זיי אויף א שרעקלעכן אופן דערשאסן אונזער רב, הרב יהודה לייב גארדאן, פריער געפייניקט אין א דארף נעבן מערוויץ. אויך האָבן זיי דערשאָסן 10 יינגע קינדער אויפן פלי־פלאץ, באשולדיגנט זיי אין שפּיאנאזש.

מען האָט געלעבט אין מורא און פחד. נישט צו עסן און נישט טרינקען. ווי ביי פּרעה האָט מען געארבעט עבודת פּרך. דעם 10 טן יולי 1941 האָט מען פארצוימט דאָס שטעטל מיט שטעכעדיקע דראָטן, צונויפגעטריבן יידן פון דער סביבה קיין מלינאוו — און אויפגעשטעלט דעם געטאָ. די אוקראַאינישע פּאָליציי ארום האָט אונז געהיטן בייטאג און ביינאכט. די קראַנקהייטן זיינען געוואקסן; מענטשן זיינען געשטארבן פון הונגער, נויט און שרעק. מענטשן זיינען געש־וואָלן געוואָרן פון הונגער.

יעדן טאָג זיינען אָנגעקומען פון די מערדער נייע באפעלן: הייגט צושטעלן גאלד, מארגן זילבער, קליידונג, פוטערס. יעדער טאג איז געווען איבערצוטראגן דעם שווערן יאָך.

און מיט אמאל — דעם 10 טן אָקטאָבער 1942 איז דערגאנגען א שטים,

אז מ׳גראבט גריבער צווישן די בערג, כדי צו באגראבען די אויסגעשאכטע אומשולדיקע יידישע באפעלקערונג. דאס געטאָ איז גוט ארומגערינגלט געווארן מיט די אוקראינישע מערדער-פּאָליציי און מיט ס.ס. לייט. מענטשן האבן געזוכט וועגן ווי אזוי דורכצורייסן זיך די ארומגענומענע קייט — אבער ס׳איז געווען צו שפּעט!

באלד אין דערפרי זיינען אריין אין שטעטל לאסט אויטאָס מיט די ס.ס. פרויען און מענער, אלטע און קינדער זיינען ארויסגעשליידערט געוואָרן פון די הייזער און געברענגט געוואָרן צו די גריבער. אויסגעטאָן זיי נאקעט און אויסגעשטעלט אין שורות נעבן די גריבער און אנברחמנותדיק זיי אויסגעשאָסן און אריינגעווארפן זיי אינערווייניק. ס׳איז נישט צו באשרייבן די הארצרייסנדיקע סצענעס, וועלכע האָבן זיך דארט אָפּגעשפּילט; אסך קינדער זיינען פּשוט לעבעדיקערהייט באגראָבן געוואָרן.

אזוי איז אויסגעמארדעט געוואָרן מלינאוו-מערוויץ, אפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד; אזוי זיינען אונזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער אומגעקומען אויף קידוש-השם; אזוי זיינען אונזער טייערסטע אוועקגעריסן געוואָרן פון דער וועלט — מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פארגעסן!



טייל האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוראטעווען און פונאנדערלויפן זיך אין דערפער און וועלדער, אָבער דאָס זיינען געווען זייער ווייניק; אויך איך בין געווען פון די גליקלעכע. צוזאמען מיט טויבשע גארדאָן האט זיך אונז איינגעגעבן צו באהאלטן ביי די גוטע טשעכן, וועלכע האבן אונז געראַ-טעוועט; מיר וועלן זיי נישט פארגעסן קיינמאָל.

מיר וועלן אויך געדענקען צום שאנד די אוקראינישע מערדערס, וועלכע האבן געהאָלפן מיט זייערע שמוציקע הענד דעם טייוול אומצוברענגען אונזערע טייערע. מיר מוזן זיי געדענקען ווי זיי האבן זיך נאָך דער עקלהאפטיקער מלאכה געלאזט אין געטאָ אריין און גערויבט אלץ, וואס איז נאך דארט פארבליבן. דערביי האבן זיי געטאנצט פאר פרייד.

איציק קאזיק
פילאדעלפיא

# א משפחה איבערגעלעבט

באלד ווי די דייטשן זענען אריין האט מען אונז, א גרופע יידן, אלט און יונג, גענומען אויף ארבעט אויפן מיליטערישן פלי-פלאץ. זענען אראפגעקומען עטלעכע מערדער, צוגעגאנגען צו די מענטשן, וועלכע האבן געארבעט, און אויסגעקליבן די שענסטע יינגלעך. איך מיט מיינע קינדער זענען געשטאנען אביסל ווייטער און געזען ווי די מערדער האבן אוועקגעשלעפט 10 יינגלעך אין די אלטע אקאפעס, וועלכע זענען דאָרט געווען פון דער ערשטער וועלט מלחמה. מ׳האט דארט די יינגלעך אומגעבראכט און שלמה שערמאן (ער איז געווען דער עלפטער) האט זיי פארשאטן מיט ערד; ער איז דערנאך צוריקגעגאנגען צו אלע.

מען האט שלמהן נישט געדארפן פרעגן וועגן די יינגלעך; זיין פנים אליין האָט שוין אלץ דערציילט. איך וועל דעם טאג קיינמאל אין לעבן נישט פארגעסן. די מאמעס אין שטעטל האבן אויסגעקוקט, אז זייערע קינדער זאלן פארנאכט אהיימקומען, אבער זיי זענען שוין געווען טויט.



דעם צווייטן טאג בין איך, מיט נאך עטלעכע יידן, אוועק ארבעטן קיין איזעניץ, אויף דעם פאלווארק, און מיר האבן דארט געארבעט א לענגערע צייט. אין אנהויב פלעגן מיר יעדן אוונט אהיימגיין שלאפן, ביז איינמאָל האָט זיך געטראָפן א מעשה.

איך מיט מיינע קינדער זענען אהיימגעקומען מיד פון דער ארבעט. מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק אין הויף אביסל זיך אָפּרוען. איז צוגעקומען צו אונז אן אוקראינישער מערדער און געהייסן אונז נעמען 2 לאפאטעס און גייען מיט אים. איך מיט מיין יינגערן זון, משה, זענען מיט אים מיטגעגאנגען. אויפן וועג האט ער נאך מיטגענומען משה שניידער און אברהם קאוואל — און אלע פיר אונז צוגעפירט צו די ס.ס. פון דארט האט מען אונז געפירט אונטער יאסל-מאירס מיל און דער מערדער האט אונז געהייסן גראבן א גרוב פאר אונז אלע פיר. ס׳איז אונז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ארום אונז זענען געשטאנען אסך דייטשן.

מיט אמאל הערן מיר א שאָס. אן אנדער מערדער האט אונז אוועקגערופן און מיר האבן שוין געזעען א געשאסענעם רוס; מיר האבן אים באגראבן. דער גרוב איז געווען צו גרויס פאר איין מענטש, און די מערדער האבן אנגעהויבן קוקן אויף אונז... צום סוף האָבן זיי אונז געהייסן אהיימגייען. מיר האבן מורא געהאט, ווייל ס'איז געווען ביינאכט. גייענדיק איז מיין משה ארויף א בארוויסער אויף א צעבראכענע ביר-פלאש און שטארק זיך פארוווּנדעט זיין פיס; דאָס בלוט איז שטארק גערינען.

דעם צווייטן טאג זענען מיר געגאנגען ארבעטן אין פאלווארק. משה איז אויך געגאנגען, כאטש זיין פוס איז געשוואלן געווארן — ער האט מורא געהאט צו בלייבן אין דער היים. פון דעם טאג אן זענען מיר שוין ביינאכט נישט אהיימגעגאנגען און גענעכטיקט שטענדיק אין פאלווארק.



דער זומער איז אוועק און אין דרויסן איז געווארן קיל. שיקט מיך רופן דער יודנראט און זאגט, אז די דייטשן דארפן א פורמאן, האבן זיי מיך באשטימט דערצו. איך האב געפירט די דייטשן ווו נאר זיי האבן געדארפן. און אז די דאזיקע דייטשן זענען אוועק האט מען אוועקגעגעבן די פערד, מיט מיר אינאיינעם צו דעם נאטשאלניק פון דער גמינע, סאוויצקי. דער נאטשאלניק האט מיר ארויסגעגעבן א פאפיר, אז די אוקראינישע פאליציי זאל מיך נישט טשעפן.

איינמאל, נאך פסח 1942, א פארנאכט, האט מען אנגעהויבן צו כאפן יידן. איך מיט מיין ראובנען האבן זיך באהאלטן אויפן קליינעם בוידעמל און מיין משה איז געווען ביי א גוי, ביי וועלכן ער האט געארבעט. מען האט אונז שטארק געזוכט און נישט געפינען. האט מען צוגענומען חוהן מיט די 2 מיידלעך. אין דערפרי בין איך אוועק קיין מערוויץ צו סאוויצקין און האב ארויסגעפירט דאס מיסט פון זיין שטאל.

זענען צוגעקומען 2 פאליציי-לייט, איינער אן אוקראינישער און איינער א יידישער; דאס איז געווען יאסל קאנאמינס פון מערוויץ, היינט אין אמעריקע. דער אוקראינישער פאליציאנט האט מיך נישט געוואלט נעמען און געזאגט צום יידישן, אז איך בין נישט קיין ייד, אבער דער יידישער האט געזאגט: "נעם אים, ער איז א ייד".

מען האט אונז אוועקגעשיקט קיין דובנע און קאנצענטרירט אין א שול. מיטאמאל זענען אנגעקומען אסך אוקראינישע פאליציי און אויסגערופן, אז מ'זאל ארויס פון דער שול אין דרויסן ארויס. איך בין אריין אין שמשס שטיבל און

זיך באהאלטן אין א קליין שאפקעלע; אפילו א קינד איז שווער געווען דארט זיך באהאלטן. אז מ׳האט די מענטשן אוועקגעפירט צום באן, בין איך געשפרינגען איבער די דראטן פון דובנער געטאָ און אהיימגעקומען. די מאמעס און פרויען האבן מיך געפרעגט, ווי אזוי איך האב זיך געראטעוועט, האב איך זיי געזאגט, אז דאס געווען צוליב סאוויצקיס פאפיר.



איך האב ווייטער אנגעהויבן ארומפאָרן מיט דייטשן מיט פערד-און-וואָגן. מיין ראובן האט געארבעט ביי קאזינין און משה אין סטודינקי נעבן קרעמעניץ. דער דייטש, מיט וועלכן איך בין ארומגעפארן האט מיך געהאלטן פאר איוואן; ער האט פארשריבן שקצים צו די ארבעט אין דייטשלאנד.

איינמאל בין איך געווען מיט מיין דייטש ביי א טשעך אין די נאווינעס. ווען כ׳האָב געדארפן אנטרינקען די פערד איז געגאנגען א רעגן האב איך אנגעטון מיין פיזשאק אויף זיך. כ׳האב פארגעסן, אז אויפן פיזשאק זענען געווען צוגענייט 2 געלע לאטעס, און דער דייטש האט דאס דערזעען דורכן פענסטער. ער האט מיך אריינגערופן און געפרעגט, האב איך אים געענטפערט, אויף אוקראיניש אז א טאג פריער האב איך דער הרגעט א ייד און צוגענומען ביי אים זיין פיזשאק. דער טשעך האט מיינע ווערטער איבערגעזעצט אויף דייטש און אלץ איז פארענטפערט געווארן...



ערשט יעצט האבן זיך אנגעהויבן די אמתע צרות. אלע יידן זיצן אין געטא און איך פאר ארום מיט מיין דייטש. יעדן טאג קום איך אהיים און דערצייל אלע מיינע לעצטע טרויעריקע נייעסן: דא האט מען אומגעבראכט דאס שטעטל און דאָרט אנדערע שטעטלעך. איך פלעג קומען צו באקאנטע גויים און בעטן זיי, אז איך זאל זיך קענען ביי זיי אויסבאהאלטן. דער ענטפער פלעגט זיין, אז מיך און מיינע זין אפשר, אבער חוהן מיט די מיידלעך — פאר קיין פאל נישט.

דאך האב איך באקומען א צוזאָג פון א אוקראאינער מיטן נאמען אנאפרי צערעשאק, וועלכער האט געוווינט אין מערוויץ. מיט גרויס מי און פארשידענע שטיקלעך האב איך ביסלעכווייז איבערגעפירט מיין גאנצן בני-בית מיט מיין פור, אויף וועלכער כ׳האָב געהאט דעם שיין. כ׳פלעג זיי אריינלעגן איינציקווייז אין דער פור און ארויפלעגן אויף זיי שטרוי — און אזוי ארום האבן מיר זיך אלע צונויפגעזאמלט ביי דעם אוקראאינער אנאפרי. און די גריבער פארן ביסל יידן זענען דערווייל צוגעגרייט געווארן. דאס איז געווען דאנערשטיק דעם 1 אָקטאָבער 1942.

אונזער ארט ביי אנאפרי איז געווען אין זיין קלינע, אבער קיין עסן האבן מיר נישט באקומען; אנאפרי אליין האט נישט געהאט, ער איז געווען אן ארימער גוי. מיר פלעגן ביינאכט ארויסכאפן זיך און זוכן אויף די פעלדער, אבער נישט נעבן מערוויץ; מיר זענען ספעציעל געגאנגען אפאר קילאמעטער ווייטער, כדי מ'זאל פון אונז נישט וויסן אין מערוויץ. איינמאל האבן מיר געפינען אפשר 2 פוד ציבעלעס — האבן מיר זיי אויפגעגעסן מיט אמאל, דאס האט אונז טאקע פארשאט און מיר זענען דערפון קראנק געווארן.



ביים דאזיקן אוקראינער זענען מיר געווען ביזן 14-טן יאנואר 1944. די אוקראינער ארום האבן זיך וועגן אונז דערוווסט און דאס ווייטער-בלייבן ביי אנאפרי איז געווארן זייער געפערלעך.אנאפרי מיט זיין ווייב זענען אריין צו אונז און געווארנט אונז גלייך צו אנטלויפן. עס איז דאן געווען א שטארקער פראסט און א טיפער שניי אין דרויסן. מיר זענען געווען אלע נאקעט און בארוועס, ווייל וואס מ'האט געהאט אויף זיך האט מען אראפפארקויפט פאר א שטיקל ברויט. זענען מיר אוועק און אריין אין א קלינע, וואס האט געהערט צו א פאלאק, ווייל אלע פאלאקן זענען דאמאלס אוועק פון דער סביבה פאר מורא פאר די אוקראינער. בייטאג פלעגן זיי קומען און געבן עסן די בהמות, אבער ביי נאכט האבן זיי גענעכטיקט אין מליניאוו.

ווען דער פאלאק מיט זיין ווייב זענען געקומען אין דערפרי און אונז דער-זען ביי זיך אין שטוב, האט ער גארנישט געזאגט. ער האט אונז נאך אפגעקאכט אביסל קארטאפלעס און געזאגט, אז ביינאכט קאנען מיר האבן אוקראינישע געסט, ווען זיי קומען ברענען די פוילישע דערפער. מיר האבן, אבער, קיין אנדער ברירה נישט געהאט; מיר האבן נישט געהאט וווהין צו גייען.

דעם 9-טן פעברואר זענען די סאוויעטן אריין און אונז אויסגעלייזט.

---

**יום עברה היום ההוא, יום צרה**
**ומצוקה, יום שואה ומשואה,**
**יום חשך ואפלה, יום ענן וערפל.**

**(צפניה א')**

מענדל (אנשילס) שטיינבערג

# אינם גרויל פון אומקום

אָקטאָבער 1942. כ׳האָב דאן געארבעט אין דעם אזוי אנגערופענעם M.T.S. מיר זענען געווען דרייצן יידן, צווישן זיי דער מערוויצער רב, שמואל-בער כץ. פונם יודנראט, וואס אייניקע זענען דאמאלס געווען אין דובנע, האב איך זיך דערוווסט, אז ביזן 10-טן אָקטאָבער דארף די גאנצע געגנט ווערן יודנריין; ביז דאן וועט מען אויסשעכטן אלע יידן.

בין איך אוועק צו א קריסט, מיטן נאמען אנדריי קראוועץ, און צוגעזאָגט אים צו באגליקן אויב ער וועט מיך, מיין פרוי און קינד אויסבאהאלטן. מיטן גוי פלעג איך האנדלען און ער האָט געוווסט, אז איך בין פון די רייכסטע אין שטעטל. דער גוי איז איינפארשטאנדן. בין איך צוריק אין M.T.S. און געבעטן דעם דירעקטאָר, אז ער זאָל שיקן א פערד-און-וואָגן אין געטאָ מלינאָוו כדי צו ברענגען מיין פרוי (שיינדיל בנימינס); מיין זון, אנשיל, האט זיך נאך פריער ארויסגעגנבעט פון געטאָ און געקומען צו מיר.

מיט מיר האט אויך געארבעט מיינע א קוזינע, מעמצי נטעס; האט מען איר גערופן, אז זי זאָל פאָרן צו מיין פרוי און ברענגען איר. כ׳האָב מיטגעגעבן א בריוול, אז מיין פרוי זאָל ארויסנעמען פונעם באהאלטענעם פלאץ אין דער אלטער סאפע די אלע טייערע זאכן, וואס זענען דארט געווען. זי זאָל נעמען וויפל זי וועט נאר קענען פארטראגן. די פערד-און-וואגן וועט אויף איר ווארטן און זי זאָל זיך ארויסגנבענען פון געטאָ. מיין פרוי, אָבער, האָט זיך פון בריוול שטארק דערשראָקן און געקומען צו מיר מיט צוויי גרויסע ברויט... דאס גאנצע פארמעגן איז פארבליבן.

אָבער איך האָב ביי זיך געהאט א שיין ביסל גאלדענע פינפערלעך און 200 דאלאר. דאס איז געווען שמיני עצרת. כ׳בין ארויס צו דער ארבעט און געזאגט: ״קינדער, אנטלויפט וווהין איר קענט נאר; היינט-מארגן וועט מען אלע אויסהרגענען!״ מיר האבן זיך צעקושט און צעוויינט און מיר זענען אוועק. מיר זענען אריין אין א קלינע, וואס איז געשטאנען אין מיטן פעלד, און געווארט ביז ס׳וועט ווערן גוט פינצטער און דאן זענען מיר אוועק דורך די פעלדער צום באשטעלטן ארט פון אנדריי קראוויעץ. אנדריי האט שוין געהאט פאר אונז צוגעגרייט אן ארט אין א קלינע, וואס איז געשטאנען אין מיטן פעלד.

נאך צוויי טעג איז ער צו אונז געקומען און געפאדערט, אז מיר זאלן אוועק פון דאנען — ער האט מורא, אז מ׳וועט אים דערשיסן צוזאמען מיט די יידן.

קיין שום רייד האבן נישט געהאלפן — בין איך אוועק אויפן ארט ווו מיין ברודער געצל איז געווען באהאלטן; כ׳האב געוווסט פונם ארט. מיין ברודער האט מיר געראטן צו גייען צו אלעקסיי נאווראצקי. בין איך אוועק צום דאזיקן גוי. איז צופעליק אנגעקומען צום גוי שראליק זעליגס מיט זיין פרוי איטע און זיינע צוויי מיידלעך — האט זיך דער גוי שטארק דערשראקן און איך האב געמוזט אוועק; אין אפאר חודשים שפעטער האט מען דא די יידן דערהרגעט. אין געדאנק האב איך געהאט א גוי, וועלכער האט געוווינט אין פאנסקע דאלינע מיטן נאמען מארטין גאבאווסקי. אבער דערגאנגען בין איך צו א גוי, סאלדאטוק — כ׳פלעג מיט אים אסך האנדלען און מיר זענען געווען זייער באפריינדעט. ווען כ׳בין צו אים אנגעקומען איז ער געווען אין דער קלינע און געמאלן. ס׳איז געווען שפעט ביינאכט און כ׳האב נישט געוווסט וואס צו טון — אריינגייען צו אים? ר׳האט געהאט 5 שקצים, אלע באנדעראווצעס — דאס הייסט, אז זיי האבן געזוכט יידן צו דערהרגענען... כ׳האב זיך איינגעשטעלט און אריין צו אים — אפשר טאקע אזוי וועלן מיר זיך רעטן? דא וועלן אונז די שקצים אפשר נישט הרגענען...

כ׳האב זיך געווענדעט צום גוי און געזאגט, אז מיין לעבן איז ביי אים אין די הענט. מיט אים איז געווען דער עלטסטער שגץ, וועלכער האט געהייסן אנדריי; ער געפינט זיך יעצט אין טשעכן און איך שרייב זיך מיט אים עד היום... זיי האבן זיך קודם דערשראקן, אבער דערנאך האט דער פויער געזאגט, אז ער מוז זיך פריער בעראטן מיט זיין פרוי, און איז טאקע געגאנגען איר פרעגן. נאך דער בעראטונג איז דער גוי צוריק געקומען מיט די בשורה, אז אזא גוטן ייד דארף מען ראטעווען. בין איך אוועק נעמען מיין פרוי און קינד און מיר זענען אריין אין א שטעלעכל, ווו ער פלעגט האלטן האלץ.

אויפן צווייטן טאג דערציילט איך אים פונם פארמעגן, וואס איך האב איבערגעלאזט אין געטא אינם הויז פון משה דעם שניידער. משה איז געווען מיין פרויס פעטער; דער גוי האט אים אויך געקענט. זאגט צו מיר דער גוי, אז ער וועט פארן קיין מלינאוו. האב איך אים מיטגעגעבן א בריוועלע צו משהן, ער זאל ארויסנעמען די זאכן פון דער סאפע און מיין פרויס ברודער, יאסל גרינשפאן, זאל עס דורכשמוקלען פון געטא ארויס. כ׳האב אויך געבעטן, אז זעליג, איינער פון משהס קינדער, א אינזשינער, זאל אויך ארויסקומען צו אונז, כדי צו זיין צוזאמען; דער גוי האט דארויף מסכים געווען. דער סוף איז אבער געווען אן אנדערער. משה איז נישט געווען אין דער היים, ער איז

געווען ביי דער ארבעט. און די פרוי זיינע האט אנגעשריבן א צעטעלע, אז זי קען נישט ארויסגעבן די זאכן, ווייל זי האָט מורא דאס צו טאָן. זעליגן שיקט זי נישט — וואָס ס׳וועט זיין מיט אלע, וועט אויך זיין מיט אים... דער סוף איז געווען, אז נאָך דער אלגעמיינער שחיטה זענען זיי אלע פיר דער-שאָסן געוואָרן: משה, די פרוי און די קינדער.

דעם גוי האָב איך געזאָגט, אז אויב ער האט מיר גאָרנישט געברענגט פון מלינאָוו, האָב איך גאָרנישט. ער זאָל זיך, אָבער, נישט זאָרגן, ווייל מיינע ברידער זענען באהאלטן אין נאענטע פלעצער און זיי האָבן אסך גאָלדענע פינפעלעך און דאלארן און ביי זיי וועל איך נעמען; כ׳האָב אים נישט געוואָלט דערציילן וועגן מיין געלט און גאָלד, וואָס כהאָב מיט זיך, ווייל כ׳האָב מורא געהאט פאר אים — ס׳זענען געווען אסך פאלן, ווי גויים האבן צוגערויבט דאס געלט און דערהרגעט. דער גוי איז דאָך געבליבן צופרידן. צומאָרגנס האָב איך אים ווידער דערציילט, אז מיין פרוי האָט געהאט אזא חלום: איר זיידע, א ייד איבער 90, וועלכער איז געווען דער ערשטער קרבן אין מערוויץ — דער גוי האט אים גוט געקענט — האָט איר געזאגט אין חלום, אז פון דעם ארט, וווּ זי איז איצט, זאָל זי נישט אוועקגייען, ווייל נאָר דאָ קענען מיר בלייבן לעבן... און דער פאמיליע, ביי וועמען מיר האלטן זיך איצט אויף, וועט גאָרנישט געשעען קיין שלעכטס... דאס האָב איך דערציילט, אז טאָמער וועט ער מיר וועלן ארויסטרייבן, זאָל איך זיך באנוצן מיטן חלום.

פרייטיק, כ״ט תשרי, איז דער גוי, סאלדאטוק, געווען אין מלינאָוו און דאָרט געהערט, אז מ׳האָט דאָרט אויסגעהרגעט אלע יידן פון געטאָ, און אויב מ׳וועט כאפן א ייד ביי עמעצן, וועט מען דערהרגענען ביידן, אויך דעם אויסבאהאלטער. איז ער אריין צו אונז — דאָס איז געווען ביינאכט און מיר זענען געליגן — און אונז געהייסן גלייך גייען פון דאנען! מיין פרוי האט אנגעהויבן וויינען — ווי קען זי אוועקגייען פון דאנען נאָך אזא חלום?!... ס׳האָט אָבער נישט געהאלפן קיין שום זאך — מיר מוזן גייען! בין איך אוועק צו אלע מיינע באקאנטע גויים, מיט וועלכע כ׳האב שטענדיק געהאנדלט, אָבער קיינער האָט מיך נישט געוואלט אריינלאזן.

בין איך צוריקגעגאנגען צו מיין פרוי און קינד, צו סאָלדאטוק, דורך די פעלדער. האָב איך געזען ביי אונזער גוי אויפן פעלד א פלאץ, ווו ס׳איז געווען א שטיקל גרוב. דאָס איז געווען א קארטאָפל פעלד. אויף דעם פלאץ האָבן געוואקסן אביסל ווערבע-ביימער. האָב איך גענומען לאנגע שטיקער האָלץ, ארויפגעלייגט זיי אויפן גרוב. אויפן האָלץ האָב איך ארויפגעלייגט קארטאָפל געוויקסן, קאטאפליגע, און מען האָט גאָרנישט דערקענט, אז דא איז א גרוב.

איך האָב גענומען די פרוי און קינד, אוועקגענומען זיי פונעם גוי און אריין אינם גרוב, וועלכער איז געווען אין זיין פעלד. דער גרוב איז געווען זייער קליין; מ׳האָט נאָר געקענט דאָרט זיצן, ניט ליגן. מיר זענען אפגעווען אין גרוב דריי טעג און דער גוי האָט נישט געוווסט דערפון — ער האט געמיינט, אז מיר זענען אוועק צו אן אנדערן. אלע זאכן האבן מיר געלאָזטביים גוי; מיר האָבן נאָר מיטגענומען מיין טלית-ותפילין און עפעס עסן.

אויפן דריטן טאָג האָט דער גוי באמערקט דעם גרוב. איז ער צוגעגאנגען, אוועקגעשארט די קארטאָפליגע, זיך אנגעבויגן אביסל און געפרעגט מיך, פארוואס איך בין ניט אוועקגעגאנגען פון אים. האָב איך אים געענטפערט, אז מיין פרוי וויל ניט אוועקגייען צוליבן חלום פונם זיידן. כ׳האָב באשטעלט אן אָרט — כ׳האָב אים אנגערופן דעם נאמען, א רייכער גוי, סאפקע קראווע — און ווען כ׳בין געקומען נעמען די פרוי, האט זי נישט געוואלט גייען. דערווייל איז אים אויך דאס נייע ״ווינ-ארט״ געפעלן און זאָגט מיר, אז ער גייט מיר ברענגען עפעס צום עסן. כ׳האָב אים דאן דערציילט, אז איך בין כלומרשט געווען ביי מיין ברודער און גענומען ביי אים 100 גאָלד-רובל און איך האָב עס אים טאקע באלד אוועקגעגעבן.

אין דער זעלבער נאכט איז דער גוי ווידער געקומען און געברענגט עסן. ער האט דערציילט, אז ווען זיין פרוי האט געהערט ווי אזוי זיי ליגן אין גרוב האט זי שטארק געוויינט און זיי האבן באשלאסן צו מאכן פאר אונז א באהעל-טעניש אין זיין וואזאוונע, ווו ער האלט זיינע מאשינען. בין איך גלייך אוועק צו אים און איבער די גאנצע נאכט געגראבן דעם גרוב; ער איז געווען גרויס, און מיר האבן אלע דריי געקענט ליגן. אויף דעם גרוב האָבן מיר אנגעשטעלט מאשינען, אקערס און אנדער זאכן און מ׳האט גארניט דערקענט. דעם לאָך אריינצוגייען האט מען געמאכט אין דער אנדערער זייט וואנט, ווו ס׳זענען געשטאנען די פערד. און אזוי זענען מיר דאָרט געזעסן. יעדעס מאָל, ווען ר׳האט געהערט, אז מ׳חאפט יידן, פלעגט ער קומען צו אונז און אונז יאָגן פונם ארט. דאן פלעג איך שוין זאָגן, אז כ׳גיי צום ברודער נעמען געלט פאר אים און דערמיט פארשטופן אים דאס מויל. ווען כ׳פלעג ארויסגייען, פלעג איך זיך אריינכאפן צו א באקאנטן פאלאק, פארטון זיקאפסקי, און דאָרט הערן אלע נייעסן וועגן יידן — וועמען האט מען געכאפט, וועגן פראנט א.א.וו. איינמאָל, זייענדיק ביי אים, האָט ער מיר דערציילט, אז א טאָג פריער איז ביי אים געווען נחום טייטלמאן (ער געפינט זיך איצט אין ישראל). ער האָט מיר געזאָגט, אז ער ווייסט ווו ער געפינט זיך, אָבער ער וועט מיר נישט דערציילן; די לאטעשע פאלאקן פלעגן זיך אזוי פירן — זיי פלעגן ניט דערציילן. מיט די

פעלדער פלעג איך דאמאלס צוריקגייען א „היים".



נאך פסח איז געקומען צו מיר דער גוי און מיר קאטעגאָריש געזאָגט, אז כ'מוז פון דאנען אוועק. כ'האָב שוין געשריבן, אז כ'פלעג אים אלעמאָל געבן גאָלדענע פינפעלעך, וועלכע כ'פלעג זיי כלומרשט באקומען ביים ברודער. אָבער איצט איז אים געגאנגען אין אן אנדער זאך: די פאָלאקן, האט ער געזאגט, פאלן אן אויף די אוקראאינער און ברענען און הרגענען; האָט ער מורא, אז מ'וועט געוואר ווערן, אז ער האלט יידן. האב איך געענטפערט, אז מיין פרוי איז יעצט קראנק און ווי זי וועט נאר געזונט ווערן, וועלן מיר איבערגייען צו מיין ברודער אָדער צום רייכן גוי סאפקע קראוועץ. האָט ער געוואַרט א וואָך. נאָכדעם איז ער ווידער גוקומען און געדראָט, אז אויב כ'וועל נישט אוועקגייען פון אים וועט ער מוזן עפּעס טוען. אָבער וואוהין גייט מען? כ'האָב געקלערט, אז ווי לאנג כ'וועל קענען, וועל איך אים פירן, ווייל מיר איז שוין אלץ איינס — אויב כ'וועל גייען, געפינען מיר דעם טויט און מיר וועלן בלייבן, וועט ער אונז איבערגעבן דער געסטאפּאָ. יעדער טאָג איז דאריבער געווען א געשאנקענער.

ביינאכט בין איך ארויס און געוויזן זיך פאר אים, אז כ'גיי צום נייעם אָרט, אָבער אין דער פרי בין איך צוריק אריין אין גרוב אריין. איז ער אריין מיט א ברען — פארוואס גייען מיר נישט אוועק. האב איך דערציילט א נייע מעשה, אז כ'בין געוועזן ביי סאפקע קראוועץ, ערלעדיקט דעם פלאץ און געקומען נעמען די פרוי — אבער די פרוי וויל נישט גייען, ווייל זי האָט געחלומט דעם באוווסטן חלום, אז נאר דא וועט זי בלייבן לעבן; אויב זי וועט אוועק פון דאנען, וועט מען זי הרגענען. א סימן האט ער, אז דער חלום איז א ריכטיקער: זי האט געחלומט, אז דעם גוי וועט גארנישט געשעען און דאס איז דאך אמת — פון אלע פאמיליעס האט מען גענומען אויף ארבייט קיין דאמבראוועע און נאר אים האט מען נישט געטשעפּעט... און צווייטנס, האב איך געזאגט, אז זי איז דאך קראנק — ווי אזוי קאן זי אוועקגייען.

און ס'האבן ווידער געדויערט עטלעכע טעג. יעדן טאג פלעגט ער קומען און פרעגן וואָס די פרוי מאכט; ער האט יעדן טאג געוואַרט, אז זי זאל שוין אפשטארבן. איך האב זיך אויך דערוווּסט פון א פלאן, אז ער האט זיך געגרייט איר צו דערהרגענען — סיי-ווי האלט זי דאך ביים שטארבן. איך האב דערווייל געשלעפּט און געשלעפּט ביז — איינמאָל פאלט אריין זיין גרויסער שגץ אין שטאל אריין, טרייבט ארויס אלע בהמות און ער ערקלערט, אז דאס גאנצע דארף ברענט און אז דאס פייער איז שוין צוגעקומען ביזן שכן. די גויים האבן נאכדעם פארמאכט די טיר פון דרויסן מיט אן אייזערנער שטאבע, די הייזער

ארום ברענען, דער רויך איז שוין אינערווייניק און מיר זענען פארשלאסן! מיר האבן נישט געהאט קיין שום זאך אויף צו איינברעכן די טיר! מיר האבן אנגעהויבן שרייען און געזעגענען זיך מיטן לעבן. אָבער גאט האט דא באוויזן א נס — אונזער בעל-הבית׳ס שטוב האט זיך נישט אנגעכאפט! ווען ער איז ווידער געקומען, האב איך ערקלערט, אז דאָס הייסט, אז דער חלום איז א ריכטיקער... דער חלום איז א ריכטיקער... כ׳האב אים דאן געבעטן, אז ער זאל מיר ערלויבן אויסגראבן א גרוב ביי אים אין פעלד, און ער האט מיר ערלויבט.



שבת אויף דער נאכט בין איך ארויס אויף זיין קארטאפל פעלד און געגראבן א גרוב. ארופגעלייגט האלץ, אויפן האלץ ערד פון קארטאפלעס, פארפלאנצט אין איר קארטאפלעס, און זיי האבן געוואקסן; אין דרויסן האָט מען גאָרנישט דערקענט. דער גרוב איז געווען גאנץ גרויס, אזוי אז מיר האבן געקענט, אלע דריי, ליגן באקוועם. נאר איין זאך האט געפעלט — עפעס עסן און צו טרינקען, ווייל דאס גאנצע דארף איז דערטלאפן אין די שטעטלעך אריין און גאנץ ווייניק זענען געבליבן.

און נאך א נס, א גרויסער: דעם זעלבן שבת צו-נאכטס האב איך געברענגט אין גרוב אריין די פרוי און קינד און צומארגנס, זונטיק, איז די גאנצע שטוב אונטער-געצינדן געווארן, אויך דאס ארט וווּ מיר זענען געווען באהאלטן; פארברענט זענען נאר געוואָרן אונזערע זאכן, וועלכע מיר האָבן נישט באוויזן ארויסצונעמען ביים אוועקגייען. דער בעל-הבית איז שוין דאן נישט געווען אין דער היים — ער איז פריער אוועק אינם שטעטל טראוויק. נאך דער שריפה איז ער צוריקגעקומען, געזוכט אונזערע פארברענטע ביינער, און אז ער האָט נישט געפונען איז ער געגאנגען זוכן אין פעלד. אין זיין אייגן פעלד האט ער עפעס דערקאנט, ווייל די קארטאפלעס אויפן גרוב זענען נאך ניט געווען אנגענומען. ער האט אנגעהויבן שרייען: ״פאניע אנשעלוק, פאניע אנשעלוק!״, אזוי האט ער מיר גערופן. כ׳האָב דערקענט זיין קול, אויפגעהויבן עפעס א קעסטעלע און אים צוגערופן. ער איז צוגעקומען צום לאָך און דערציילט, ווי ער האט געזוכט אונזערע פארברענטע ביינער. כ׳האָב אים געבעטן, אז ער זאָל אונז ברענגען עפעס עסן און דער עיקר אביסל וואסער פארן קינד. ער האט מיר צוגעזאגט אנצופילן א קריגל וואסער און איבערלאזן עס אין דעם געמויערטן קעלער זיינעם און אז ביינאכט זאל איך גייען נעמען עס.

ביינאכט בין איך געגאנגען ברענגען דאס וואסער. דערווייל זענען געשטאנען אויפן וועג אוקראינישע שקצים וועלכע האבן געלאקערט אויף די פאלאקן, וועלכע וועלן קומען אנפאלן אויפן דארף. די שקצים האבן מיר געכאפט, און

צוויי פון זיי, גראדע די ווענענס פאטערס איך האב געקענט, מיט זיי געהאנדלט אלע יארן, האבן מיך אזוי צוקלאפט, אז זיי האבן געמיינט, אז איך בין שוין טויט און מיך איבערגעלאזן ליגן אויף דער ערד. מיין פרוי אין גרוב האט געהערט מיינע געשרייען א קילאמעטער ווייט. מיינע געשרייען האט אויך געהערט דער פאלאק זיקאווסקי, צו וועלכן איך פלעג אמאל קומען. ער האט געהערט מיינע לעצטע קרעכצן.

כ׳בין אזוי אפגעליגן א לאנגע צייט און זיך אביסל דערמונטערט. מיט אלע כוחות האב איך זיך אויפגעהויבן און גענומען קלערן ווו איך געפין זיך. דערנאך בין איך פאמעלעך איבערגעקראכן דעם וועג, אריין אין קארן אריין און קוים זיך דערשלעפט צום גרוב. כ׳האב געטראפן מיין פרוי און קינד אנגעטון — זיי האבן געוואלט גייען צום געסטאפא און זיך אליין איבערגעבן; זיי האבן געמיינט, אז איך בין שוין טויט. מיר זענען אלע אריין צוריק אין גרוב. איך בין געליגן פארוווּנדעט און צעקלאפט און נישט געהאט מיט וואס עפעס צו צובינדען.

מאנטיק גאנץ פרי הערט מיין פרוי דעם בעל-הבית׳ס קול: ״מענדעלעכא, מענדעלעכא!״ — ניט אנשעלויק. זי האט אויפגעעפנט דעם לאך און גערופן דעם בעל-הבית. דערזעענדיק מיך האט ער זיך געצלמט. ער האט געמיינט, אז איך בין שוין טויט. ר׳האט זיך צעשריגן אויף מיר מיט אזא לשון: ״גיי פון דאנען שוין אוועק, ווייל דו האסט מיר נישט דערציילט, אז ארום זענען פאראן יידן מיט געווער!״ כ׳האב אנגעהויבן וויינען, אז כ׳ווייס גארנישט, נישט פון יידן און נישט פון געווער.

האט ער מיר אנגעהויבן דערציילן אזא מעשה: נעכטן זענען געקומען צום אים צוויי שקצים, פאוולא און וואלאטקע, און אים געזאגט, אז זיי האבן געכאפט אין זיינע פעלדער מענדל אנשעלויקס און האבן אים דערהרגעט. און אז זיי זענען אוועק צו זייער קאמענדאנטור און דאס דערציילט. דער קאמענדאנט האט אויף זיי זיך געבייזערט, הלמאי האבן זיי נישט געברענגט אים לעבעדיק, ווייל אויב ער איז דא, זענען דאך פאראן נאך יידן. איך וואלט געמוזט דערציילן, ווייל זיי שניידן שטיקער און מען מוז דערציילן. דער קאמענדאנט האט זיי דאן באפוילן גייען באגראבן דעם ייד, ווייל ווען די געסטאפא וועט געוואר ווערן, אז מען האט אים נישט געכאפט לעבעדיק, וועלן זיי שטארק שרייען. די שקצים זענען ארויס געפונען דעם טויטן, האט מען אויף זיי גענומען שיסן — און ווערזשע האט געשאסן אויב נישט יידן? דעם טויטן קערפּער האבן זיי אויך ניט געפונען, מסתמא האבן די יידן אים באגראבן.

האב איך געגעבן צו פארשטייען, אז די שיסערס זענען געווען די פאלאקן,

וועלכע האבן געהערט מיינע געשרייען. והראיה, ווו זענען די יידן, וועלכע האבן מיר כלומרשט באגראבן — איך לעב דאך! דער גוי האט אונז ווידער געהייסן גייען, ווייל די שקצים וועלן אונז געפונען. כ׳האב געענטפערט, אז מיר וועלן נישט גייען פון דאנען און מיר וועלן זיך היטן. דער גוי האט אונז געזאגט, אז מער קומט ער נישט אהער, ווייל ר׳האט מורא; דאס איז טאקע געווען זיין לעצטער באזוך, ווייל די פאלאקן האבן אים טאקע דערהרגעט. דאס איז געווען ערב יום-כיפור.



א שטיקל צייט שפעטער. ביינאכט בין איך ארויס פון גרוב און געגאנגען צו אנדריי קראוועץ דערוויסן זיך וועגן דער מלחמה און אויך בעטן עפעס צום עסן; דאס קינד האט געבעטן א שטיקל ברויט. כ׳בין צו צום פענסטער, אנגעקלאפט. ער האט מיך דערזעען און מיך אריינגעלאזט, אין שטוב אריין. זיי זענען אלע אויפגעשטאנען און האבן געוויינט קוקנדיק אויף מיר. ביי אים אין שטוב איז געווען זיין איידעם פונם דארף פעדאיעץ, א קאמענדאנט פון באנדראווצעס; האב איך זיך זייער דערשראָקן. זיי האָבן דאָס באַמערקט און האָבן מיך בארואיקט און מיר געזאגט, אז ער וועט מיר קיין שלעכטס נישט טועז. דער בעל-בית איז צוגעגאנגען צו מיר און געזאגט, אז ער וויל מיך אפשערן און אפגאלן. איך האב מורא געהאט, ער זאל מיך נישט איבערשניידן דעם האלז מיטן ראזיר-מעסער, אבער, כ׳האב נישט געהאט קיין ברירה... ער האט מיך אפגעשוירן, געגעבן מיר גוט אפצועסן און אויך געגעבן מיר א גוט פעקל עסן. כ׳האב אים דערציילט א מעשה, אז איך בין ביי א פאלאק, וואס ר׳איז נישט אין דעם היים. כ׳בין אנגעקומען צום גרוב בשלום, און שטעלט זיך פאר די פרייד, ווען די בני-בית האבן דערזעען א ברויט און נאך עפעס צום עסן!

באר פון דאמאלס אן האב איך מורא געהאט ארויסצוגייען און א שטיק צייט פלעג איך נאָר ארויס און אָנרייסן גרינוואַרג — עפל און נאָך אַנדערע, וועלכע זענען געוואקסן אין די סעדער ארום. נאר אזוי ווי כ׳האב געוואלט וויסן, וואס הערט זיך אויף דער וועלט, בין איך ווידער אוועק אויף א ביינאכט צום זעלבן גוי, צו קראוועצן. ווען כ׳בין צו צו זיין סאד האט ער מיך דערקענט און געזאגט, אז קיינער פון זיי איז נישטא אין שטוב, ווייל ז׳האבן מורא; די משפחה געפינט זיך אין דאבראטין. דאך איז ער אריין אין שטוב און געברענגט מיר א ברויט מיט א שטיק פוטער און דערביי געזאגט, אז א גוי, פעטרא איוואן, איז דא אין זיין שטוב און וועט מיר אויך געבן צום עסן. האב איך איבערגעלאזט דאס ברויט און פוטער און אריין צו פעטרא; פעטרא האט

מיר געגעבן אפצועסן, געפרייט זיך מיט מיר, אבער געהייסן מיך באלד אוועק-גייען. בין איך צוריק צום קראוויעץ נעמען דאס ברויט און פוטער — גייט ער מיך אנטקעגן און זאגט, אז כ'זאל גלייך אוועק און אז דאס ברויט און פוטער האט ער שוין נישט.

כ'האב באלד פארשטאנען, אז דא איז עפעס געשען. אין דער נאכט איז געווען א שטיק פעלד מיט נאך נישט אפגעשניטענעם ווייץ — בין איך דארט אריין און גענומען לויפן, אבער נאך מיר האבן זיך געשאטן קוילן! כ'בין געלאפן אין דער זייט פון דער פוילישער קאלאניע; דארט אהין האבן זיי מורא געהאט נאכצולויפן. אין דער פוילישער קאלאניע האב איך געווארט די גאנצע נאכט, און נאך איידער ס'איז טאג געווארן בין איך פאמעלעך איינגעבויגענערהייט, צוריק אין מיין גרוב. מיין פרוי און קינד האבן געמיינט, אז איך בין שוין געהרגעט געווארן. פון דאן בין איך שוין נישט געגאנגען אין ערגעץ — אז דער רבונו-של-עולם האט מיר באוויזן אזא נס און איך בין נישט געהרגעט געווארן, וועל איך אין ערגעץ מער ניט גייען!

דער ווינטער האט זיך דערנענטערט — וואס וועלן מיר טאן אן עסן?!

די גאנצע קאלאניע איז געווען אפגעברענט. בין איך אוועק אין אפאר אפגעברענטע הייזער און צונויפגעזוכט א שטיקל אייזערן קיכל, אפאר פארברענטע טעפ און זיי געברענגט אין גרוב אריין. כ'האב אנגעקליבן אין פעלד קארטאפלעס מיט ציבעלעס און ביינאכט, אין דער פינסטער, פלעג איך קאכן. כ'האב אין גאנצן געהאט 14 שוועבעלעך — פלעג איך בעטן ביים רבונו-של-עולם, ווען כ'האב געדארפן מאכן פייער, אז דאס ערשטע שוועבעלע זאל זיך אנצינדן; און אז דאס ערשטע שוועבעלע האט זיך, מיט אומגליק, פארלאשן, האבן מיר אלע געוויינט, ווי עמיצער וואלט געשטארבן... אן די שוועבעלעך גייען מיר אויס פון הונגער, ווייל קיינער איז נישט געווען אין דער אומגעבונג.

— — — — — — — — — —

נאך אפאר וואכן. אין א שטארקן שניי בין איך ארויס פון גרוב ארויסטראגן דעם אפפאל און אריינעמען אביסל שניי אויף וואסער. זייענדיק אין דרויסן האב איך געהערט א גערודער אויפן שאסיי פון דערווייטנס. כ'האב געהערט ווי סאלדאטן מארשירן. כ'האב געהערט רעדן, אבער אויף וואסער שפראך האב איך נישט געוווסט. ס'האט זיך דאך ארויסגעוויזן, אז דאס איז נישט קיין דייטשע שפראך. די נאכט זענען מיר שוין נישט געשלאפן; כ'האב געהאלטן ארויסגעשטעקט אביסל דעם קאפ פון גרוב. דער טאג האט זיך דערנענטערט. דערווייל דערזע איך אז צוויי רייטערס אויף פערד דערנענטערן זיך אין דער ריכטונג פונם גרוב, האב איך פארדעקט דעם גרוב און זיך צוגעהערט —

זיי האבן גערעדט רוסיש!

פון גרויס איבעראשונג האב איך געגעבן א געשריי ״טאווארישטשי (חברים)!״ און ארויסגעשטעקט דעם קאפ. זיי האבן זיך דערשראקן און אנגעשטעלט אויף מיר זייערע ביקסן. שריי איך צו זיי: ״שיסט נישט, איך בין א ייד! דא זענען מיט מיר מיין פרוי און קינד!״ האבן זיי מיך געהייסן אויפהויבן די הענט, זענען אראפ פון די פערד, צוגעגאנגען צום גרוב און געזעען די פרוי מיטן קינד און מיך מיט דער לאגער בארד. זיי האבן געפרעגט, ווי לאנג ליגן מיר אין גרוב. אז כ׳האב זיי געזאגט, דאס מיר ליגן אזוי 9 מאנאטן, האבן זיי אנגעהויבן צו וויינען. זיי האבן נאך געזאגט: ״וואס ליגסטו נאך, מיר זענען דאך שוין דא 8 טעג! גיי צו אונזער שטאב — זיי האבן אנגעוויזן די ריכטונג — און זיי וועלן דיר העלפן; מיר מוזן איצט אוועקגייען״. און וויינענדיק זענען זיי אוועק פון גרוב.

בין איך דערווייל אליין ארויס פון גרוב. דאס ערשטע גיי איך אויפן ארט, וווּ מיין ברודער געצעל איז געווען באהאלטן; אז מ׳האט אים געהרגעט האב איך געוווּסט — ס׳האט עס מיר דערציילט אנדריי קראוועץ. געצעל איז געווען אין א קלינע נעבן דאבראטין און מען האט אים דערהרגעט. כ׳האב אויך ״געוווּסט״, אז מיין ברודער האט נאך פאר זיין טויט ״געוווּסט״ פון מיין טויט... ווייל ווען די צוויי שקצים האבן מיך געהרגעט, האט דער פאלאק פארטון געהערט מיינע לעצטע געשרייען און ער האט עס דערציילט שארעקס שייגעץ, ביי וועמען מיין ברודער האט זיך אויפגעהאלטן; פון אים טאקע האט זיך עס מיין ברודער דערוווּסט.

בין איך געגאנגען צום דאזיקן גוי. אבער דארט איז אלץ געווען פאר-ברענט און קיינער איז נישט געווען. כ׳האב באשלאסן צו צוגיין צום שטאב, אפשר וועט עפעס פון דארט קומען א הילף. אויפן וועג האב איך אנגעטראפן א באקאנטן פאלאק — גערופן האט מען אים ״יארמאשקע דער שיכור״. ער האט מיך דערזעען און געזאגט ״דזיען דאברי, פאניע מאשקא (גוט מארגן)״; ער האט געמיינט, אז איך בין משה דער שוסטער, ווייל איך האב געהאט א בארד ווי ער. די גאנצע צייט האב איך נישט געהאט קיין שפיגל און האב, דאריבער, נישט געוווּסט, ווי כ׳זע אויס... אויף מיין פראגע האט מיר יארמאשקע דערציילט, אז ביי א געוויסן פאלאק אין פאנסקע-דאלונע זענען פאראן יידן. דערווייל בין איך אנגעקומען אין שטאב. צוערשט האט מען מיך חושד געווען אין שפיאנאזש — מ׳האט אפילו בודק געווען די בארד מיינע, צי איז זי נישט קיין צוגעקלעבטע... האב איך זיי אנגעהויבן דערציילן אלע מיינע פאסירונגען. הונדערטער סאלדאטן האבן מיך ארומגערינגלט און אויס-

געהערט מיינע דערציילונגען. איך אליין האב אויסגעזעען ווי א ווילדער מענטש. דערווייל איז אנגעקומען א קאפיטאן, צעיאגט די סאלדאטן און אליין מיך אויסגעפרעגט. איך האב אים אלץ דערציילט און ער האט געוויינט... ר׳האט מיר געגעבן צו עסן און געהייסן ברענגען די פרוי און קינדער, אבער איך בין אוועק אין פאנסקע דאלינע צו זוכן יידן.

כ׳בין צוגעקומען צו א געוויס הויז און דערזעען דריי מיידלעך, וועלכע כ׳האב גוט געקענט; מיר זענען צוזאמען געוואקסן. דאס זענען געוועז: רחלע קוואסגאלטער, ליזע בערגער און פרידא, זשאנקא גאלדרייכס שוועסטער. דורכן פענסטער האב איך געהערט, דאס זיי זאגן ״אז עפעס א ייד גייט צו אונז״. כ׳האב זיך שטארק געוווּנדערט — הלמאי רופן זיי נישט אן מיין נאמען, מענדיל אנשילס? כ׳קום אריין אינווייניק און זיי פרעגן מיך: ״פעטער, ווער זייט איר?״ ענטפער איך: ״ליזע, דו דערקענסט מיך נישט?! רחלע, פרידע — איר דערקענט מיך נישט?!״ כ׳הויב אן צו וויינען און זאג, אז איך בין מענדיל אנשילס. ווערט א געוויין און זיי פרעגן מיך באלד, צו שיינדל לעבט. איך האב זיי אלץ דערציילט. זיי האבן מיר געגעבן א ברויט; זיי האבן דאן ברויט געבאקן.

זיי האבן מיר אויך דערציילט, אז ביי מעסארקען אין וואלד — אזוי ווייסן זיי — האלטן זיך אויף באסקע שועס און ראובן גאלדרייך מיט זשאנקען און מיט די קינדער. כ׳הויב זיך גלייך אויף און גיי אוועק צו זיי. ווען כ׳בין צוגעגאנגען צו זיי — ווידער די זעלבע שאלות: ״פעטער, ווער זענט איר?...״ פון זיי האב איך זיך דערוווּסט, אז מיין ברודער געצל, מיט פעסיען און מיטן קינד לעבן; אויך מיין שוועסטער בונע לעבט. זיי האבן מיר געזאגט, אז זיי האלטן זיך אויף דעם שלאך ביי א פאלאק. ס׳איז געווארן שפעט און זיי האבן מיר געזאגט, כ׳זאל ברענגען שיינדלען מיטן קינד. כ׳האב טאקע געוווּסט, אז זיי וועלן שוין איבערקלערן און בין טאקע אוועק נעמען זיי. ווען כ׳בין אנגעקומען אין גרוב איז שוין געוועזן פינצטער. כ׳בין אריין און אלץ דערציילט, וואס כ׳האב געזעען און געהערט. דאס קינד האט דערזעען דאס ברויט, האט ער עס גלייך געכאפט אונטערן העמד, וואס איז געוועזן פול מיט לייז און זאגט: ״קיינער וועט דערפון נישט עסן, נאר ער אליין...״

אזוי זענען מיר איבערגעליגן די נאכט אין גרוב. די דאזיקע נאכט איז גראד אראפ א גרויסער שניי און ס׳איז געווארן א גרויסע זאוויערוכע — א זוינס איז נאך דעם ווינטער נישט געוועז. מיר זענען ארויס פון גרוב און אנגעהויבן צו גיין — און מיין פרוי פאלט אוועק און קאן נישט גיין. דאס קינד האט פון אנהויב נישט געקאנט גיין; כ׳האב עס געטראגן אויף די הענט. האב איך שוין

אוועקגעטראגן דאס קינד אביסל און אים געלאזט, דערנאך האב איך איבערגעטראגן א שטיקל וועגס די פרוי. און אזוי האב איך זיך געמוטשעט ביז כ׳בין אנגעקומען צו א וועג; סאלדאטן, וועלכע זענען פארבייגעפארן האבן רחמנות געהאט אויף אונז און אונז פארפירט ביז צו מעסארקען, דארט ווו ס׳זענען געווען יידן פונם שטעטל. ווען מיר זענען אנגעקומען האט שוין אנגעהויבן דער אוונט — דאס איז געווען דער פרייטיק איידער מ׳האט געבענטשט ראש-חודש שבט, 1944; דער ערשטער פרייטיק אויף דער נייער וועלט!

און די באגעגעניש מיט באסקע שועס און גאלדרייכס! נאך 18 מאנאטן מיט מיין פרוי און קינד אין איין שטוב! צומארגנס, שבת, גאנץ פרי, בין איך אוועק אויפן ארט ווו מיין ברודער איז געווען, מיט נאך צוויי משפחות: נחומס און מענדילס טייטלמאנס. קום איך אריין און זאג א "גוט-שבת". פרעגן זיי מיר באלד: "ווער זענט איר פעטער?..." מיין ברודער און מיין שוועסטער זענען דאן נישט געווען אין שטוב. בין איך אויף דער פראגע ווידער ארויס מיט א געוויין און דאס לשון איז ביי מיר אפגענומען געווארן — איך האב נישט געקאנט ארויסזאגן קיין ווארט. איך האב נאר געוויינט און געוויינט. זיי רעדן צו מיר: "פעטער, וואס וויינט איר?" — זיי האבן נישט געוווסט ווער עס וויינט. מיין ברודער איז אריין אין שטוב און זעט די זאך, אז איך רעד נישט נאר וויין — ער האט מיך אויך נישט דערקענט! — זאגט ער צו זיי: "אפשר איז ער שטום?..." ענטפערן זיי: "ווען ר׳איז אריין האט ער געזאגט א גוט-שבת..." הויבט מיין ברודער אן צו רעדן צו מיר: "וויינט נישט, פעטער, מיר האבן אויך אנגעווווירן די פאמיליעס און מיר וויינען נישט..."

און ער האט מיר נאך אלץ נישט דערקענט. ר׳האט לאנג דערעדט ביז כ׳בין געקומען צו-זיך און כ׳האב געגעבן א געשריי: "ברודער מיינער, דו האסט מיך נישט דערקענט?!... איז געווארן א געוואלט און א געשריי: "מענדיל, מען האט דאך דיך געהערגעט!..." און ער דערציילט מיר ווי שארעקס שייגעץ האט דערציילט וועגן מיין טויט. ער דערציילט ווי אזוי מען האט געהרגעט די מאמען און אונזער צוויי ברידער, הערשלען מיט יאקלען; פון דעם אלץ האב איך נישט געוווסט, ווייל כ׳בין דער ערשטער פון דער משפחה, וואס איז אוועק פון געטא.

אויפן דאזיקן אָרט זענען מיר צוזאמען געווען א וואך צייט. נאכדעם זענען מיר אלע איבערגעגאנגען אין די טשעסקע נאווענעס. דארט האבן מיר געטראפן מיין פרויס ברידער יאסל און בערל ראבינאוויטש ווי אויך שלמה נחום-משהס, שאלעק האלפערין און טאבעשע דעם רבס; פון דאָרט זענען מיר אוועק קיין ראָוונע.

מרים בארבער (בלינדער)

# וווהין גייט מען?

אין מלינאוו האבן מיר געפירט א בעלבתיש לעבן. מיין פאטער איז געווען א שניידער און געהאט א שיינע קליענטעלע. מיין מוטער האט געפירט די הויז-ווירטשאפט מיט טאקט און אויסגערעכנטקייט. ביים אויסברוך פון דער דייטש-רוסישער מלחמה בין איך קוים אלט געווען 13 יאר.



יוני 1941. גלייך מיטן אנקומען פון די דייטשן אין שטעטל אריין האט זיך אנגעהויבן א גאנג פון גרויסע צרות, וועלכע האבן זיך פארגרעסערט פון טאג-צו-טאג. הרגענען, שלאגן בערד-שניידן און אנדערע טערארר פאקטן זענען געווארן א טאג-טעגלעכע דערשיינונג.

ביי אונז אין שטוב האבן זיך די גרויסע צרות אנגעהויבן פריער ווי אומעטום, ווייל מ׳האט באלד צוגענומען מיין פאטער; ער איז שוין, ליידער, נישט צוריק געקומען. מיין מוטער האט געמוזט ווערן די שפייזערין פון דער גאנצער משפחה. די ברויט פארטיילונג איז געווען 90 גראם ברויט א טאג, און צו דער ארבעט האבן אפילו קינדער געמוזט גיין.

האב איך, דאריבער, גענומען זוכן א מעגלעכקייט צו העלפן אביסל די משפחה מיט שפייז און כ׳בין אוועק ארבעטן צו א פויער מיטן נאמען גראבא-ווענקי. די ארבעט איז געווען א שווערע, אבער כ׳בין געווען צופרידן, ווייל דער פויער האט מיר געהאלפן אביסל באשפייזן די שטוב. ווען כ׳פלעג אהיימברענגען דאס ביסל שפייז, פלעגט ווערן אין שטוב א יום-טוב. מיין מוטער האט שטענדיק געווארט אויף מיר און פלעגט שטענדיק צוגיין צו די פארצוימונגען פון געטא, כדי מיך דערזעען פון ווייטנס.



אבער די צייט פון אומקום האט זיך דערנענטערט. כ׳געדענק, דעם לעצטן טאג, פארן פארמאכן דעם געטא הערמעטיש, האט אונז, קינדער, די מוטער צונויפגענומען און האט אונז ווארעם אלע ארומגענומען און געקושט; די קוואל פון טרערן איז שוין ביי איר געווען אן אויסגעטרוקנטער. דאס איז געווען מיין לעצטע באגעגעניש מיט איר.

און איצט האט זיך ביי מיר אנגעהויבן א סדרה פון באהאלטן זיך. כ׳האב אנגעהויבן צו וואנדערן, אין די נעכט, פון ארט צו ארט; בייטאג איז אוממעגלעך

געווען ארומדרייען זיך אן באשעפטיקונג. אזויארום בין איך פארגאנגען אין א וואלד און האב דארט געטראָפן זיבן יידן, וועלכע האָבן זיך באהאלטן אין א זעמלאנקע. זיי האָבן מיר אויך ערלויבט אריינגייז אהין און זיין צוזאמען.

ווינטער. שנייען און רעגנס. די קליידער פונם לייב אומריין און באלד אינגאנצן צעריסן — אָבער ס'האט דאן קיין שום זאך נישט געשאדט צום געזונט. און אין די דאזיקע נעכט ארומגעגאנגען אין מער-ווייניקע זיכערע הייזער און בעטן עפעס עסן. אדאנק דעם, וואָס אין אונזער געגנט איז געווען אויך א טשעכישע באפעלקערונג, וועלכע האט זיך באצויגן, בדרך כלל, טאלעראנט צו אונז, איז געלונגען צו באקומען פון צייט-צו-צייט א ביסל שפייז. מיר האָבן זיך דערפרעגט צו עטלעכע בעסערע טשעכישע משפחות, וועלכע האָבן געוווינט טיף אין וואלד — פראנקאוו, טיכאוו, האלאטקע א.א. — און זיי האָבן אונטערגעהאלטן אונזער נשמה.

א געוויסן טאָג האָבן אונז אנדעקט און באַפאלן אונז א גרופע בענדעראוו-צעס; זיי האָבן אונז אויסגעפונען לויט די טריט אויפן שניי. זיי זענען צוגעקומען צו אונזער נארע זוכן גוטע זאכן. ווען זיי האבן גארנישט געפונען האבן זיי אלע געהייסן צוריק אריין אין די נארע און נאר מיך געלאזט אין דרויסן. איינער פון זיי האט מיך געפרעגט: "זאג, דו ווילסט לעבן?" מיין ענטפער איז געווען: "איך בין נאך א קינד און פון לעבן האב איך נאך גארנישט געזאסן. איר האט דאך, זיכער, קינדער — ווילט איר דען נישט, אז אייערע קינדער זאלן לעבן?" מיינע ווערטער האבן, ווייזט אויס, געווירקט און זיי האבן מיך אפגעלאזט. זיי האבן מיר נאך צוגעגעבן אפאר גוטע ווונטשן און ארויסגעפירט פון וואלד (זיי האבן נישט געוווסט, אז כ'ווייס גוט דעם וועג) און אפילו אנגעזאגט נישט צוגיין אין די אוקראאינישע זייט, נאר אין די טשעכישע, ווייל די אוקראאינער וועלן מיך דערהרגענען...

כ'בין אוועק, אבער וווהין גייט מען איצט?...

ס'ווערט שוין דערווייל פינצטער. כ'האב זיך צוגעריקט צו א הויז און דערקענט, אז ס'וווינט דא א טשעכישע משפחה, שירץ, ביי וועלכע מיר פלעגן אפט באקומען א שטיקל ברויט; ביי זיי איז געווען א מיידל, קזשיסיא, און זי האט מיך דערקענט. זי האט אַרויסגערופן די מוטער און איך האב איר אלץ דערציילט, וואס ס'האט אונז פאסירט. זי האט זיך שטארק געוווּנדערט וואס די באנדראווצעס האבן מיך אפגעלאזט לעבעדיק; זי האט, פשוט, נישט געגלויבט, אז אזעלכעס קאן פאסירן. זי האט מיר געהייסן אריין אין שייער און איינגראבן זיך אין שטרוי. זי האט מיר געברענגט ווארעם עסן. אזוי האט זי געטאָן אפאָר טעג, ביז ס'האט מיך ענטדעקט דארט זייער אן ארבעטער, אבער א פרעמדער;

דאן האב איך געמוזט פארלאזן דאס אָרט, כדי נישט צו פאראטן מיינע גוטע מענטשן.

בין איך ווידער אוועק. אבער, וווהין גייט מען ווייטער ?...

פון גרויס יאוש האב איך באשלאָסן צוריק צוגיין קיין מלינאָוו; מיר איז שוין אלץ איינס... כ׳בין געגאנגען ביי נאכט און אנגעקומען בשלום; מיינע טריט האבן מיך געפירט צו דער משפחה גראבאוועצקי, ביי וועלכע כ׳האב נאך געארבעט זייענדיק אין געטאָ. און דא ווערט מיר ווידער שווער — אויב ס׳וועט מיך דערזעען די דינסט, וועלן זיי מיר נישט ארייַנלאָזן מורא האבנדיק פאר איר. בין איך ארויף אויפן בוידעם היי; איך האב דארט געקענט אלע ווינקעלעך. אין דער פרי, ווען דער דינער איז געקומען נעמען היי, האט ער מיך אנדעקט און מודיע געווען די בעלי-בתים. זיי האָבן מיך, אבער, שטילערהייט אראפגענומען און פארשלאסן אין א צימער און געגעבן מיר עסן. אָבער נאָך 2 וואָכן האָבן זיי מיר געזאָגט, אז כ׳מוז גיין, ווייל די דינערשאפט האט מיך ווידער ענדעקט. מוז מען ווידער גיין — אָבער וווהין ?...

בלית ברירא גיי איך ווידער צוריק צו דער גוטער פרוי שירץ. כ׳בין אנגעקומען אהין אין אוונט און באלד געטראפן די פרוי שירץ. מיט געוויין האב איך איר ערקלערט, אז אויב זי לאזט מיך נישט אריין, מאך איך אן עק פון מיין לעבן. דאס האט איר גערירט און האט מיר צוגעזאגט צו שטיצן. זי האט מיר געברענגט ווארעם עסן, געמאכט מיר א ווארעמע באד און געגעבן מיר ריינע קליידער. כ׳בין ווידער געבליבן ביי איר.

אביסל שפעטער דערזע איך פלוצים, ווי א פרעמדע פרוי ברענגט מיר עסן. כ׳האב זיך שטארק דערשראקן, אבער די פרוי האט מיך בארוהיגט, און מיר געזאגט, אז זי נעמט מיך צו איר, און אז זי וועט מיך זאגאר האלטן אויף דער פריי. פון גרויס פרייד האב איך איר, מיט געוויין, געקושט. זי האט מיר פארגעלייגט, אז זי וויל מיר אויסוואשן אלע קליידער, כדי נישט צו ברענגען קיין קראנקהייטן אין איר ארעמער שטוב אריין. זי האט מיר אויך דערציילט, אז זי איז אן אוקראינערין, וועלכע האט חתונה געהאט מיט א טשעך.

מיר האבן אפגערעדט, אז איך זאל פריער גיין צו די גראבאוויעצקעס אין מלינאוו און ברענגען מיינע ריינע קליידער. די פרוי האט געפועלט ביי שירצס זון, ער זאָל מיך מיט א פור צופירן קיין מלינאָוו; דאס איז געווען ביי נאכט. כ׳בין אנגעקומען אין א גרויסן פראסט און די טיר פון שטאל איז שוין געווען געשלאסן... אין שטוב אריין האב איך מורא געהאט ארייַנצוגיין — אפשר זיצט דארט א פרעמדער מענטש ? בין איך אריין אין חזיר-שטאל; דארט איז ווארעם

און איבערנאכט וועט דאך עמעצער אריינקומען, וועל איך קענען מיט אים רעדן. כ׳האב זיך באזארגט אביסל שטרוי אבער שלאפן האב איך נישט געקענט. די קעלט איז געווען זייער גרויס. האב איך באשלאסן אויפצווועקן די בחורים — איך האב געוווסט ווו זיי שלאפן. זיי האבן מיך אריינגענומען און אויסגעבעט מיך אויף דער ערד. צומארגנס האבן זיי מיך ווידער באהאלטן און כ׳בין דארט אפגעווען צוויי וואכן.

כ׳האב גענומען אביסל קליידער און אוועק צו די פרוי שירץ; זי האט מיך באלד אריינגענומען אין קעלער ביז ביינאכט. דאן איז געקומען די צוקונפטיקע בעל-ביתטע און מיך גענומען צו זיך מיט ליבשאפט. איר נאמען איז געווען טיחי. איר מאן און קינדער האבן מיך ליב געהאט און, טראָץ זייער ארעמקייט, האבן זיי מיר געגעבן אלע מיינע באדערפענישן. איך האב זיך דארט גליקליך געפילט. כ׳פלעג גיין ארבעטן ביי שירצן און דאס פארדינסט זיי אוועקגעבן.

ביז — די רוסישע ארמיי האט באפרייט די געגנט. דאן בין איך באפרייט געווארן אויף אן אמת. כ׳בין אוועק קיין דובנא, דארט האב איך געפונען מיינע א מומע מיט א זעקס-יעריק געראטעוועט קינד. אין דובנא בין איך אפגעווען א שטיקל צייט און דערקענט דארט מיין צוקונפטיקן גוטן מאן. מיט אים בין איך אנגעקומען אין אונזער לאנד.





שואב המים. דער וואסערטרעגער.

בתיה קאפטשיק (בלינדער)

# א קינד אין שטורם

לעבן צווישן לעבעדיקע איז א נאטורעלע זאך, אבער לעבן צווישן טויטע, דאס האט קיינער פון אייך ניט געהערט. און איך גראדע בין פון די, וועלכע זענען געבליבן לעבן פון זיין צווישן די טויטע... ווי שרעקלעך דאס זאל ניט אויסזעען, אבער א פאקט איז, אז דורך מיין באהאלטן זיך א שטיקל צייט צווישן די קברים מיט מיין עלטערע שוועסטער חיה, זייענדיק דאן א קינד פון 10 יאָר, און מיט א געוויסע מערוויצער אלטע פרוי פריידע טייטלמאן מיט אירע 3 אייניקלעך ריקיל, מרדכי און מאיה ז"ל, בין איך געראטעוועט געווארן. מיר זענען דערטלאפן פון א באהעלטעניש פונם געטאָ, א טאָג נאָך דער אלגעמיינער שחיטה. פון יעדער קריסטלעכער שטוב זענען מיר געטריבן געווארן מיט דראהונגען, און ניט האבענדיק דאך ווו ערגעץ אויסבאהאלטן זיך פון די אויגן פון די רוצחים, האט אונז פריידע טייטלמאן ע"ה געפירט דורך די געוועזענע אקאפעס, וואס זענען געווען אויסגעגראבן נאך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, אויף דעם בית-הקברות פון מערוויץ. און אזוי זענען מיר דארטן געווען עטליכע טעג (וואכן ?). יעדן אוונט פלעגט אונז פריידע ארויסשיקן אויסצובעטן א שטיקל ברויט און א ביסל וואסער, און אזוי האבן מיר זיך דאָרט ערנערט.

לויט ווי עלטערע מענטשן, בני-עיר דערציילן מיר יעצט, פלעגט די פרוי פריידע דאוונען טאג טעגלעך אין געטאָ און בעטן גאָט, מיט הייסע טרערן, דאס זי זאָל געבראכט ווערן צו קבר ישראל; דאס איז געווען איר ציל. אלס אלטע פרוי האט זי געשפירט, אז לאנג וואנדערן אין אזעלכע באדינגונגען וועט זי ניט קענען, האט זי געראטעוועט 3 אייניקלעך און מיך מיט מיין שוועסטערל, וועלכע מיר אלע זענען געווען אין א סכראן, גוט באהאלטן, און דעם אוונט פון נאך דער שחיטה, אין די שפעטע שעהן, ארויסגעקראכן פון סכראן, מיטגענומען די לעבנגעבליבענע קינדער, און איך בתוכם, און געלאזט זיך גלייך אין דער ריכטונג פון מערוויצער בית-הקברות. ווו מיר האָבן געפראבירט א בעט טאן הילף, האבן מיר געקראגן א אפזאג, און פון מאנכע ערטער אויך א דראאונג פון איבערגעבן אונז אין די רוצחישע הענט. אזוי, אז בלית-ברירה, האבן מיר געמוזט ווייטער לויפן, כדי דער טאג זאל אונז ניט ענטדעקן, און די עלטערע פרוי פריידע האט אונז גלייך געפירט אהין אין די אקאפעס, און אזוי זענען מיר דארטן געווען מיט פריידען בראש, אונטער איר אויפזיכט.

## פון געפאר צו געפאר

יעדן אוונט פלעגן מיר זיך פארשאפן אביסל אויסגעבעטענע שפייז ביי די בעסערע גויים פון דער סביבה. אין א געוויסן אוונט, ווען איך בין געשיקט גע־ווארן שפייז בעטלען, און האב אומגעקערט שפעטער מיט א ביסל אויסגעבעטעלטע שפייז, האב איך זיי שוין אלע ניט געפונען דארטן מער. און אזוי ווי עס איז נאך געווען אין די פריע אוונט שעהן, בין איך אריין צו דער קריסטליכער משפחה, וועלכע האט דארט שטענדיק געוווינט אלס שומר פונם בית־הקברות, זיך פרעגן אויף מיינע לייט. האב איך געקראגן אן ענטפער, אז זיי לעבן שוין ניט מער — א מערדערישע האנט האט זי דערשאסן, און זיי ראטן מיך, אלס קינד, אנטלויפן פון דארט, ווייל עס ווייזט אויס אז ווער פון די שכנים האט געבראכט די מסירה אויף זיי. ווי אזוי איך, אלס 7 יעריק קינד, האב אויפגענומען די טרויעריקע ידיעה, געדענק איך שוין ניט. איין זאך וואס מיט מיין קינדערשן שכל האב איך שוין אויך דאן פארשטאנען, אז מער צווישן די טויטע גריבער טאר איך ניט זיין, און מוז זיך שיצן פון די בייזע אויגן.

איך בין אין די זעלבע אוונט שעהן אוועק אהין, וווּ די אויגן האבן מיך געטראגן, און בין אריין אין מערוויץ אין א שכניש הויז פון מענדל טייטלמאן. די גויים האבן מיך א געלעכטער אויסגעשריגן, אט איז דא א דערזען און קליינע אידישקע (זשידיניא). אין דעם זעלבן מאמענט האב איך באמערקט, ווי איינע פון די בני־בית איז ארויס מיט א געלעכטער פון דער שטוב, אויף וועלכן מיר, כאטש אלס קינד, איז געפאלן א חשד פון פאראט. נאכקוקנדיק די בייזע געלעכטער פון זיי איבער מיר, בין איך אין געציילטע מינוטן ארום ארויס פון זייער שטוב און בין אריין אין דער נאהענטער יידישער פוסט־פארלאזטער שטוב פון מיין פעטער שעיה, און איך הער ווי עס ווערט א זוכעניש נאך מיר, און אלע שטוביקע האלטן אין איין זיך פרעגן; "ווו איז פלוצלינג דאס קליין נפשל געבליבן?" נאך מיין השערה, האט זי אריינגעבראכט אזא "ספעציאליסט", וועלכער קען זייער לייכט א ייד שיסן, ווייל זי איז ניט געווען פעהיק אזא עוף צו קוילען, און מיר האט זיך איינגעגעבן אין דעם הייסן מאמענט זיך ארויס־צודרייען פון זייערע הענט.

איך פארשטיי ניט ביז היינט, וואס פאר א געהיימער כח האט מיך אין די פארשידענע מאמענטן געשיצט פון די מערדערישע הענט. ווי האט זיך דאן אין אזא פריער יוגנט גענומען צו מיר דער שכל, אז איך דארף פון דעם פלאץ אנטלויפן? און אזוי בין איך אוועק אין דער ריכטונג פון לויצק, נישט וויסענדיק וווהין איך גיי, און בין דורך א צופאל זיך באגעגענט אין מיין וואנדער־וועג,

ביי א וואלד, מיט מיין קוזין משה נייטער, אן עלטערער שוין פון מיר, א בחור שוין 17 יאר אלט, און ער האט מיך ארייגענומען צו זיך אין וואלד אריין, ווו ער אליין איז געווען באהאלטן אין א פוקסן-לאך.

פאר מיר האט זיך געפונען באלד א מלאך-המושיע, אבער ניט פאר מיין קוזין משהן. ער האט גענומען פילן מיט מיר מער שוועריגקייטן, איך בין געווען נאקעט און בארוויס, מיט שמאטעס זיך געבינדן מיינע קינדערשע פיסלעך, שטארק שמוציג, און מיט א הויט-קראנקהייט, און ער האט דערפילט, אז זיין רעטונגס-אויסזיכט איז פארשווערט געווארן. איך האב וואס אמת שוין פארשטאנען, אז ווײנען טאר מען ניט, און איבער דעם וואלט ער קיין שוועריקייט ניט געהאט, נאר ער האט איינפאך מיט מיר געהאט א גרעסערע זאָרג פון באשפייזן און באקליידן...

נאך א קורץ שטיקל צייט, האט ער ווארשיינליך אנגעהויבן צו פילן גרעסערע שוועריקייטן איבער מיר, און איז געפאלן אויף א המצאה מיך ארויס-משלח זיין פון זיין קווארטיר. ער האט מיר דערקלערט, אויף וויפיל איך דערמאן זיך, אז איך בין נאקעט און באָרוועס און קראנק, און דא איז מיין לעבן אין גרויס געפאר, און ער האט אין מיר געזעען, כאטש קינדערישע, אבער גוטע פעהיגקייטן. האט ער דעריבער באשלאסן מיך אוועקשיקן, און אלס מיידעלע איז די געפאר אויך געווען א קלענערע, און האט מיך ארויסגעפירט פון אונזער באהעלטניש, און האט מיך צוגעפירט צו א שטוב, און זאגט מיר: "גיי אריין אין דער שטוב, מען האט מיר אין דער שטוב צוגעזאגט דיך צו האלטן".

איך בין אים ביז היינט צו טאג ניט חושד אין קיינע בייזע כוונות. מעגליך נאר, אז ער האט געזעען לויט מיין געזונט צושטאנד, אז ווייט וועט דאס מיט מיר אזוי נישט גיין, און, בלית-ברירה, האָט ער געקלערט, אפשר וועט ווער רחמנות האָבן אויף א קינד. איך בין אריין אין דער שטוב, מיט משהס צוזאג, און געזאגט, אז משה האט מיר געזאָגט, אז איר וועט מיך נעמען צו אייך. זיי זענען פשוט נשתומם געוואָרן, ווער משה? וואָס משה? און זייער מערדעריש הארץ האָט ניט רחמנות געהאט אויף מיר און שנעל מיך ארויסגע-טריבן.

איך האב געפרובט מיין מזל און אריין אין א שטוב, ווו איך האָב געפונען אן עלטערע פרוי מיט א יונגן מאן, אפשר אירער א קרוב. דער מאן האט באלד געוואָרפן זיין קוק אויף מיר, און ניט געדארפן לאנג פרעגן; ער האט באלד דערקענט אין מיר מיין יידישקייט, און געפאָדערט פון מיר ארויסגיין מיט אים פון דער שטוב, און מיטגיין מיט אים, און מיט קללות און זידלערייען מיך באגלייט אויף דעם וועג מיך אומצוברענגען. די עלטערע קריסטין, וועלכע איך

האָב דאָרט אויך געטראָפן, האָט זיך אויך גענומען שטארק בעטן ביי דעם רוצח, ער זאָל ניט ברענגען קיין זינד דורך איר שטוב, און ער איז דורך דעם שטארקן בעטן פון דער פרוי מסכים געווען. מיט א שטארקן שטויס מיטן פוס האָט ער מיך ארויסגעווארפן פון שטוב. און איך בין ווייטער מיט האסטיקע טריט אריבער די פאר הייזער פונם דארף קראסני-גורע, און ניט וויסנדיק קיין וועג, בין איך געווען געגוויט אריבערגיין עפעס א גרויסן וואסער-לויף. איך בין גוט נאס געווארן, און א שטארק אויסגעמאטערטע און הונגעריגע און נאס אינם גאנצן קערפער, בין איך אנגעקומען אינם שכנותדיקן דארף.

## המלאך הגואל

פארצווייפלטע און מיט יאוש האב איך זיך געלאזט גיין ווו די אויגן האבן מיך געטראגן. נישט געוווסט ווו און אין וואָס פאר א דאָרף איך געפין זיך. האָב איך אזוי געמארשירט הילפלאז בייטאג, ווי א יידישער זכר האט זיך ביט געטארט ארויסווייזן. אין די פארנאכט שעהן בין איך אריין, אן שום חשבון, נאר אזוי אויף פראבע, אין א ארימע חאטקע און געבעטן א שטיקל ברויט. מיט מיין קינדערשן שכל האב איך תיכף אבסערווירט וואס פאר א שטוב דאס איז, און, געוויינלעך, געוואלט זעען, וואס פאר א באנעמונג עס וועט זיין צו מיר. איך האב אין שטוב געפונען נאר א פרוי אין די מיטל-יאָרן, און מיט א מוטערלעכער האנד פון באדויערונג מיר באלד געגעבן א שטיקל ברויט, און מיך איינגעלאדן מיט-עסן מיט איר איר ארימען אוונט ברויט. איך האב דאס מיט דאנקבארקייט אנגענומען, און אן מיין ביטע האט זי מיר פארגעלייגט נעכטיקן ביי איר. איך בין דארט געבליבן אויף לינת-לילה. איך האב אין איר באלד דערפילט א מוטערלעכע באנעמונג צו מיר. זי האט ערנסט, מיט א מוטערלעכער האנד, באלד אינם זעלבן טאג, גענומען מיך אפוואשן מיט ווארעם וואסער מיינע ווונדן, איבערוואשן מיינע פאר אומריינע, ארימע האלב-צעריסענע בגדים. און דאס אזוי איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, ביז זי האט מיך אפגערייניקט פון שמוץ און אומריינקייט, און מיט א פרימיטיווער באבסקע-שמירעכץ מיך אויסגעהיילט פון מיין הויט-קראנקהייט, וועלכע איך האב אין וואלד זייענדיק באקומען.

איך האָב אין איר דערפילט א מוטערלעכע האנד אויף אלע געביטן, און זי האט מיך מיט איר גוטן ווילן אדאפטירט אלס טאכטער, און געזארגט איבער מיר ווי איבער אן אייגן קינד. עס האבן זיכער אייניקע שכנים רשעים געקוקט אויף דעם מיט פינטלעכע אויגן, און איך ווייס ניט, וואס האט זיי געשטערט מיך איבערצוגעבן צו דער מאכט, אז מען זאל מיט מיר מאכן דאס וואס מען האט

געמאכט מיט אלע אנדערע יידן; עפעס א געהיימער כח האט געוואכט איבער מיר און מיך געשיצט פון אלדאס בייז. אויך מיין געווארענע מוטער האט ארויסגעוויזן צו מיר געטריישאפט און שוץ, וואס דאס האט געמאכט אויף מיר דעם רושם, אז זי איז גרייט אויף אלעס, אבי מיך צו רעטען.

און אזוי איז מיין לעבן ארייגעגאנגען אין א נארמאלקייט, אז איך האב כמעט פארגעסן, אז מיין געבוירן-היים איז ניט דא. איך האב אין מיינע, נאך דאן פריע, יוגנט איבערגענומען א טייל פון דער אחריות פון מיין ברויט-געבערינס ארימע ווירטשאפט, און געגעבן מיין מיטהילף, ד.ה. געפאשעט איר קו און איר ארים-איינציק חזרל, מיטגעפארן מיט איר אין װאלד אריין צו ברענגען האלץ צום קאכן און ווארעמען די ארימע חאטקע אונזערע, און זיך מיט דעם אלעמען איינגעוואקסן אין דער משפחה. זי האט באלד געענדערט מיין נאמען אויף וויערא, בעטאנענדיק דערמיט אלס א געווארענע איר "וויערני", געטריי צו איר, און צו אלעס וואס ארום איר. איך האב, צוליב איר איבערגעגעבנקייט און טרייהייט צו מיר, זיך געלאזט פארגעסן מיין אפשטאם, און מיט מיין קינדערשן פארשטאנד שוין אפילו אויף קיין בעסערס ניט געהאפט.

## באפרייאונג און אירע פראבלעמען

און דאס האט זיך אזוי אוועקגעצויגן, ביז די באנדיטישע מאכט האט געהאט די מפלה, און האסטיג פארלאזט די טעריטאריע, צוריקציענדיק זיך צוריק, אין אנפאנגס פון יאר 1944. און חאטש איך האב זיך אזוי איינגעוואקסן מיט מיין באשיצערן, און האב שוין ניט געקענט קלערן פון עפעס בעסערס, האט זיך דאך אין מיין קינדעריש מוח׳ל זיך עפעס גענומען געדענקען פון געגנצלעכער באפ-רייאונג, און אפשר וועל איך נאך געפינען עמיצן פון מיין משפחה לעבעדיק, און מיר אלע צוזאמען וועלן נאך קענען אפדאנקען מיין באשיצערן פאר איר שיינעם טאט.

צו מיין גרויס באדויערן האב איך קיינעם פון מיין לייבלעכע משפחה ניט געפונען מער, און מיט די וויזיטן אין מלינאוו, האב איך זיך אנטדעקט פאר די פאר בנס-געבליבענע יידן.

עס האט מיך ווידער עפעס א געהיימע האנט גענומען ציען צוריק צו מיין מקור און אפשטאמונג, און מיין קינדערשער מח האט גענומען נאגן זיך אומקערן צוריק. און ווען לייביש ווינאקור איז געקומען און האט געגבן א באפעל ווי א הערשער, אז מיין באשיצערן מוז מיך באפרייען, און האט מיך צוריקגענומען, האב איך, דעם אמת זאגנדיק, איבערגעלעבט שרעקלעכע מאמענטן פון מיין געוויסן, זייענדיק דאנקבאר און שוין צוגעבונדן צו מיין באשיצערן. עס האט מיך צוויי-פאכיק געשמערצט: פון איין זייט האט מיך געצויגן צוריק צו מייניקע,

און פון די צווייטע זייט איז מיר געווען שווער זיך צו שיידן פון מיין געטרייער רעטערין, וועלכע האט מיך אזוי מוטערלעך געשיצט פון אלדאס בייז, און בין צו איר צוגעבונדן געוואָרן מיט אלע פעדים פון מיין נשמה. און ווען איך בין שוין געווען אין מלינאָוו עטלעכע טעג, האב איך ניט איינמאָל אויסגעפראלט מיט א געוויין, איך וויל צו דער טיטקא צוריק... נישט איינמאָל האָט מען מיך פון וועג אומגעקערט צוריק, ווען איך האָב זין פון בענקעניש גענומען צו-פוס לויפן אין דארף אריין צו מיין רעטערין.

אין מלינאוו אליין זענען בכלל געווען געציילטע יידישע נפשות, און אין יעדער שטוב איז געווען עפעס א צולאגע פון א געפינענע יידיש נפשל. אזוי, למשל, איז ביי מענדל טייטלמאן געווען 3 געפינענע קינדער, ביי מענדל שטיינבערג זענען אויך געווען אייניקע קינדער און עלטערע. אויך ביי זיין ברודער געציל זענען געווען קינדער, און מיך האט גענומען די משפחה גאלדרייך. און כאטש זיי האבן געהאט זייערע 2 קליינע קינדער, האבן זיי מיך דאך גענומען צו זיך און מיר געגעבן א מוטערלעכע היים ביז איך בין געקומען אין ישראל און געווארן זעלבסט-שטענדיק. איך וועל זייער ווארעמע האנד, וואס זיי האבן מיר אויסגעשטרעקט, קיינמאל ניט פארגעסן.

די רעטערין מיינע, מיט דעם נאמען וולאדימיריץ, פונם דארף בויארקע ביי מלינאוו, מיט איר משפחה, איז אויך אין א גרויסער מאס געווארן פאר דער צייט צוגעבונדן צו מיר, און נאך זייענדיק אין מלינאוו, פלעגט זי ניט איין מאָל קומען פון בענקשאפט צו מיר. איך בין מודה, אז די משפחה וולאדימיריץ האט אין מיר איינגעווארצעלט א ליבע צו זיי, וואס איך וועל מיין גאנץ לעבן ניט פארגעסן, און מען מוז מודה זיין, אז זייער הילף פאר מיר, וואס זיי האבן מיר געגעבן, איז בשום אופן נישט באצאלבאר; עס איז ניטא קיין אפצאל פאר אזא הילף.

איך האב פון מיין משפחה קיינעם ניט מער אויף דער וועלט. די רוצחישע הענט האבן מיר אין מיין פריעסטער יוגנט צוגענומען מיין פאטער יצחק בלינדער, ע״ה, און די מוטער פיני און מיין באבע, און מיין מומע ראזע, שוין אלס אלמנה דורך זיי געווארן פון איר מאן זעליג מוראוויצקי, איינער פון די ערשטע קרבנות, און איר דערנאָך געבוירן קינד אין געטא, יעקב זעליג. און מיין פעטער שמעון און פרוי און קינדער, און נאך פיל פיל פון מיין משפחה, וועלכע איך געדענק שוין ליידער ניט זייערע נעמען. איך האָב מיך דערשלאגן אין מיין לאנד אריין, און זיך געבויט א נעסט פאר מיר און מיין מאן גד קופציק, מיט מיין שוין דא געבוירענעם זונעלע יגאל, און טעכטערל עינת, אין דער סביבה פון מיינע אלע פריינט פון אונזער מערוויץ, און פון מיינע באזונדערע פריינט, די משפחה גאלדרייך.

רחל טייטלמאן
חיפה

# פון יענע צייטן

כאטש מיין קאָפּ איז מיר שוין זייער שוואך, ווילט זיך מיר אויך באשרייבן אביסל זכרונות וועגן דעם וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, און צום מיינסטן איך אליין, ווען עס איז איינמאָל ביינאכט ארייגעקומען א דייטשע פּאָליציי און ארויסגענומען אשרן פון בעט; זיי האָבן אונז אפילו ניט געלאָזט מיטגיין צו זען וווּהין זיי גייען. און ווי עס איז טאג געווארן, און מיר זענען ארויס אין גאס, האָט מען שוין געהערט, אז מען האט פארנומען אסך יונגע מענטשן, נאר וווּהין — ווייסט מען ניט. און עס האט גענומען א לענגערע צייט, ווען מען האט זיך דערוווסט, אז זיי געפינען זיך אין ראוונע, און די דייטשן טרייבן זיי יעדן טאג אויף ארבעט.

אזוי האָט עס גענומען א צייט ביז איינמאל בין איך געוואר געווארן, אז יעקב גאלצהעקער ז״ל איז געפאָרן קיין ראוונע, און נאָך א פּאָר טעג האָט ער אהיימגעבראכט זיין זון דודן, אָבער ער האָט נאָך דאָרט געהאט זיין איידים. איך האב אנגעהויבן גיין צו אים און בעטן, אז ער זאל מיר אויך ארויסגעבן דעם סוד, ווי אזוי ער האט דאס באוויזן, אבער אן דערפאלג. נאר ער האט מיר צוגעזאגט, אז אויב אים וועט נאך געלונגען ארויסצובאקומען זיין איידים, דאן וועט ער מיר אלעס דערציילן.

און אזוי איז געווען. אויף דער צווייטער וואך האט ער שוין געבראכט זיין איידים, און אויך א בריוול פון אשרן, אז מען זאל אים ראטעווען ווי מעגלעך איז, און איך האב אנגעהויבן צו זוכן מעגלעכקייטן אויף צו פאָרן קיין ראוונע. דאָס האָט גענומען עטלעכע טעג ביז איך האב שוין געקראָגן א גוי, און ער האט נאר געקענט פאָרן שבת. פארשטענדליך, אז דאס איז אויך געווען ביי מיר און אויך ביי מיין שוועסטער חייקע — אויך איר זון איז געווען דארט — א זייער גרויסער פּראבלעם. בין איך געלאפן קיין מערוויץ צום פעטער חיים-מאיר ז״ל, זיך מיט אים אן עצה האלטן וואס צו טאן. די עצה פון דעם פעטער איז געווען, אז צו ראטעווען א מענטשן מעג מען אפילו פארן אום שבת. און יעקב גאלצהעקער האט מיר אלץ אויפגעקלערט, מיט וועמען איך דארף זיך טרעפן, און ווי אזוי אלץ דורכצופירן.

קומענדיק קיין ראווגע, חוץ דעם וואס דער גאנצער וועג איז געווען באדראט מיטן טויט, האבן מיר שוין געטראָפן אברהם חייקעס באפרייט, ווייל ער איז געווען זייער קראנק. אָבער מיין זון אשר — ביי אים זענען ניט געווען קיין שום אויסזיכטן צו באפרייען ווייל, צום גרויסן באדויערן, איז ער געווען אינגאנצן געזונט. צו דעם האב איך נאך געוואלט א מצוה האבן און ארויסראטעווען אויך ליפע האלפערין, וועלכער איז אויך געווען דארטן; זיין משפחה האט מיך געבעטן, אויף וויפיל נאר מעגלעך זאל איך פאר אים טאן, און איך האב זיי צוגעזאָגט צו טאן וואס נאר מעגליך איז. באפרייען האב איך זיי געקענט דורך א יידישער פרוי, וועלכע האט געלעבט מיטן דייטשן קאמענדאנט. איך האב געהאט איר אדרעס און מיט איר האב איך געדארפט אלעס דורכפירן.

געקומען צו איר, האט זי מיר אינפארמירט, אז איך דארף א רויט צעטל פון ד"ר צייטלין, אן עלטערער מענטש. געלט האב איך געהאט גענוג אויף אלעס, נאר, ליידער, מיט דעם געלט האב איך גאָרניט געקענט אויפטאן. דער דאקטאר האט געזאגט אז יעצט האט קיין געלט ניט קיין שום ווערט, ווען אויך דער מענטש איז יעדע מינוט איינגעשטעלט מיט זיין לעבן, און לעבן האט ער שוין געלעבט אין אזעלכע באדינגונגען, ערגער ווי בא אונז דער ערגסטער ארימאן. האב איך אים אנגעהויבן בעטן און אויפגעקלערט, אז מיט דעם וואס ער וועט ראטעווען א יונג קינד פון טויט, וועט ער אויך ניצול ווערן פון טויט. איך האב אים געזאגט, אז ביי אלעס דורכצופירן מוז זיין א שליח, און איך האב אים דערמאנט, אז איך בין געווען זייער קראנק, טאקע זייער-זייער קראנק, און שיינצע מאזליש האט מיך געפירט צו אים, ווייל זי איז געווען זיין פאציענטין, און ער האט מיך גערעטעוועט. ער איז, אלזא, געווען דער שליח, און איך וויל, אז אויך איצט זאל ער זיין אונזער גוטער שליח, און ער זאל מיר געבן א רויט צעטל פאר אשרן. וועגן געלט געדענק איך שוין ניט ווי עס איז געווען.

מיט טרערן אין די אויגן האט ער מיר דאס צעטל געגעבן, און איך האב דאס תיכף אוועקגעטראגן צו דער פרוי. דאס איז שוין געווען מאנטיק, און זי האט מיר געזאגט, אז מארגן וועט זיין אלעס דערלעדיקט. דאס האט געקאסט טויזנטער, אבער איך האב געהאט גענוג געלט. דינסטיק בין איך ווידער געגאנגען צום דאקטאר, און געבעטן, אז ער זאל מיר נאך געבן א צעטל פארליפען. איך האב אים דערציילט, אז זיין מוטער איז אן אלמנה, און ער איז דער גאנצער אויסהאלטער פון דער משפחה. און ער האט מיר אויך דאס דערלעדיקט, און ווידער דאס אוועקגעטראגן צו דער פרוי. דארף איך שוין וארטן אויף מיטוואך.

געווען בין איך די צייט ביי חיים נאקאניעטשקינס טאכטער, די גאנצע צייט

מיט געפאר, ווייל יעדן טאג האט מען געזאגט, אז ביינאכט וועט זיין אן אקציע מיט די איבעריקע יידן. און קוים דערלעבט מיטוואך, און שוין ארויסגעקראגן 2 באפרייאונגס אויסווייזן פאר אשרן און ליפען, און געבענדיק ליפען זיין צעטל און אשרן זיינס, און שוין גרייט צו פארן אהיים, פארלירט אשר זיין צעטל... ליפע פארט אהיים, און איך בלייב ווידער מיט גארניט! לויף איך ווידער צו דער פרוי און דערצייל איר, שיקט זי מיך ווידער אין דעם זעלבן אמט, וועל איך באקומען א צווייט באפרייאונגס צעטל. נאר אזוי ווי עס איז שוין שפעט, און עס איז ניטא דער, וועלכער דארף דאס אונטערשרייבן, מוז איך שוין ווארטן אויף מארגן, און דערווייל שיקט מען מיך אין דער פאליציי צו מעלדן, אפשר וועט זיך עמיצער מעלדן מיט דעם צעטל. און טאקע דאנערשטיק האב איך באקומען דאס זעלבע צעטל — א ייד האט עס געפונען און געבראכט אין אמט.

אזוי זענען מיר ד.ה. איך און אשר געראטעוועט געווארן פון ערשטן טויט, ווייל די זעלבע נאכט האט מען אלע, וועלכע זענען געווען מיט אשרן, אומגעבראכט. צווישן זיי זענען געווען אסך מלינאווער. אבער, ליידער, איז ליפע שפעטער אומגעבראכט געווארן.

לאה וויינער־ליכטער
חיפה

# אין שרעק און פיין

ווען די דייטשן האבן פארנומען אונזער שטעטל מערוויץ איז מיין ברודער געווען אין דער סאוויעטישער ארמיי; אויפן צווייטן טאג איז ער געקומען — ס'איז אים געלונגען צו אנטלויפן פון געפאנגענשאפט. ער איז געקומען צו דער פרוי, וועלכע האט ערווארט א קינד. נאר די פרייד האט נישט געדויערט לאנג.

ס'האבן זיך אנגעהויבן שווערע צייטן. מ'האט געטריבן צו דער ארבעט, מען האט אויסגעהרגעט אן שום סיבה. טאג-טעגלעך פלעגן פארקומען טראגעדיעס. די צעבושעוועטע שיכורע אוקראינער און דייטשן פלעגן ארומגייען ביינאכט מיט רעוואלווערן אין די הענט און ראבעווען פון די שטובן וואס ס'האט זיך נאר געלאזט.



מ׳האט אונז צונויפגעטריבן אין מלינאווער געטא. די ענגשאפט איז געווען גרויס. די שרעק, אז יעדע מינוט קאן מען אונז אויסשיסן האט אלעמען ארומגענומען. יעדע נאכט פלעגט עמיצער דיזשורירן, כדי זיך דערוויסן ווען די ס.ס.-לייט קומען אן.

29 נאוועמבער 1940, גאנץ פרי, האבן מיר דערהערט ווי די דייטשן שרייען "לאוז!" — האבן מיר שוין געוווסט, אז דאס איז מען געקומען אונז נעמען. ווען די דייטשן זענען אריין אין שטוב, האב איך זיך באהאלטן אונטער די טיר; איך האָב געוואלט, אז זיי זאלן שיסן אין די פלייצעס. כ׳האב געהערט ווי מען האט ארוסגעפירט מיין טייערסט וואס כ׳האב פארמאגט — מיין מוטער; אויך די אנדערע מענטשן. די שרעקלעכע מינוטן איז שווער צו באשרייבן.

ביינאכט בין איך ארויס פון באהעלטעניש. די הויכע טויערן פון געטא זענען געווען אפן, בין איך אוועק אין די פעלדער. די תבואה איז שוין געווען אפגעשניטן, האב איך זיך באהאלטן אין די קארטאפלינע. וויפל טעג כ׳בין דארט געליגן ווייס איך נישט, נאר דער הונגער און די קעלט האָבן מיך געטריבן אין די דערפער אריין, פארשטייט זיך ביינאכט.

כ׳האָב זיך געמאכט שטום, כדי דאָס לשון זאָל מיר ניט פאראטן. כ׳בין אריבער פון ארט צו ארט מיט גרויס סכנות נפשות, ווייל מ׳פלעגט אנטרעפן אויפן וועג דייטשע און אוקראינישע פאָליציי. אזוי בין איך אנגעקומען אין א טשעכיש דארף מאלין און געווענדעט זיך אין שפיטאָל, ווייל מ׳האט דארט געדארפן ארבעטער. ווען כ׳בין אריין צום דאקטאר, האב איך זיך שטארק צעווײנט, ווייל כ׳האָב געפילט, אז כ׳מעג זיך דא אנפערטרויען. דער דאָקטאָר האָט מיך געפרעגט, אויף פויליש, צי איך שוואנגער. האָב איך אים געענטפערט אז נאך ערגער — איך בין א זשידוווקע... ער האט מיר געראטן אוועקצוגייען פון די דאזיקע געגנט. און טאקע: צומארגנס, ווען כ׳האב פארלאזט דאס דארף, האבן די דייטשן דאס אין גאנצן פארברענט; מען האט נישט ארויסגעלאזט קיין איין מענטש. דאס האבן זיי געטאן, ווייל מ׳האט נעבן דעם דארף פריער דערהרגעט א דייטש. כ׳האב דערנאך געארבעט אלס שיקסע אין פארשידענע ערטער.

ווען די מלחמה האָט זיך פארענדיקט האָב איך נישט געקאנט פארן אין אונזער שטעטל אריין און צוזעען דעם חורבן. איך און מיין משפחה זענען מיר דורך גרוזיען אנגעקומען קיין ישראל.

פרידא קופערבערג
**חיפה**

# אומקום פון די סאקאליקער פליטים

דא איז אנגעגעבן געווארן א קורצער באריכט פון די שרעקליכע ליידן און דעם אומקום פון די יידישע לאנדווירטן, וואס זייער שטאם-ארט איז געווען דאס דארף סאקאליקי ביי טורקא, וועלכע זענען אומגעקומען סיי אין די דערפער ארום מלינאוו, און סיי אין דעם מלינאווער געטא.

אין די 2 דערפער סטאמארגי און הינטשארעכע ביי מלינאוו האבן געוווינט יידן לאנדווירטן, וועלכע זענען אין אפריל 1940 צוואנגס-ווייז איבערגעזידעלט געווארן דורך די סאוויעטן פון זייער היים סאקאליקי ביי טורקא, אין דעם מלינאווער ראיאן, ווו זיי האבן באטריבן לאנדווירטשאפט.

דריי וואכן נאכן אויסברוך פון דער דייטש-רוסישער מלחמה, זונטיק דעם 13-טן יולי 1941. עס איז געווען שבעה-עשר בתמוז דעם טאג, א תענית ביי יידן, ווען אלע יידן האבן דעם טאג געפאסט, און עס איז דאן געווען א דאפעלטער תענית צוליב דעם, וואס די דייטשן האבן איבערגענומען די מאכט. אנגעוויזן פון דעם פאליאק זאלעווסקי, זענען אין דעם זונטיק די געסטאפא פון דובנע געקומען קיין סטאמארגי. זיי זענען אריינגעפאלן אין א יידיש הויז, ווו עס האבן געוווינט 2 משפחות, און האבן מיט געוואלט און מיט געשלעג ארויסגעטריבן אלע מענטשן אויפן גארטן, ווו זיי האבן זיי אלע איינציקווייז דערשאסן. אלס לעצטע איז דערשאסן געווארן משה פיילערס יונגע הויכשוואנגערע פרוי. עס זענען דעמאלט דערהרגט געווארן משה פיילער מיט זיין פרוי, און מוטער; אסתר און שמואל זינגער, רויזע זינגער, לייב פראם און נאך א פרעמד יינגל.

דערנאך זענען די געסטאפא אריינגעפאלן אינם הויז פון וואלף קעלער. וואלף קעלער איז געווען א ייד א למדן, וואס איז געזעסן איבער דער גמרא; זיינע 4 זין זענען געגאנגען אין דעם זעלבן וועג פון פאטער. די געסטאפאווצעס האבן ארויסגעטריבן וואלף קעלער מיט זיינע 4 זין, מיט נאך 2 יידן, משה געלמאכער און מודיל פראב, ווי אויך דעם מלינאווער רב גארדאן, וועלכער האט שבת-געהאלטן ביי וואלף קעלער, און זיי האבן זיי צוגעטריבן צו דער שטוב, ווו עס זענען געלעגן די הרוגים, און געהייסן זייערע קרובים און שכנים זיי ארויפלייגן אויף א פיר און זיי אוועקפירן צו א גרוב. דערנאך זענען זיי נאכגעגאנגען נאך דער פור מיט די הרוגים ביז צו די קוציס, פאר מערוויץ,

דארט איז געשטאנען פון לאנג אן אפענער גרוב, און דארטן האבן די יידן געמוזט אריינוואַרפן די הרוגים אין גרוב. דערנאך האבן זיי נאך דערשאסן דעם מלינאווער רב, און ער איז אויך אריינגעפאלן אין דער גרוב. וואלף קעלער מיט זיינע 4 זין, בעריש, משה, הירש און שמעון, און נאך 2 קרובים, משה געלמאכער און מוידל פראב, האבן די געסטאפּאַ מיטגענומען קיין דובנע, און זיי דאָרט אריינגעוואָרפן אין תפיסה, ווו מען האט זיי אלע דערהרגט. די רעשט סטאמארגער יידן זענען פון אן אנדערע אפטיילונג געשלאגן און געטריבן געווארן דעם טאג קיין מלינאוו, ווו מען האט זיי פארטיילט צו פארשידענע ארבעטן, אבער דער שוידערלעכער פאל פון 13-טן יולי איז געבליבן אין דער נשמה. שפעטער א יאר זענען דאס רעשט יידן פון סטאמארגי און הינטשארעכע אומגעקומען אינם געטא מלינאוו.



איך וויל נאך דא באריכטן איבער א צווייטן פאל, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אפגעשפילט אינם דארף האנטשארעכע ביי מלינאוו. די פאמיליע געלאבטער, א טאטע, א מאמע, און 2 ציטערדיקע יינגלאך, קורץ נאכדעם ווי די דייטשן האבן איבערגענומען די מאכט, זענען די געסטאפּאַ איינמאָל אריין צו די געלאבטערס, האָבן ארויסגעפירט די 2 זין אין גארטן, זיי געהייסן זיך אויסגראבן א קבר, אנידערגעשטעלט זיי פאר דעם גרוב, און זיי דערשאסן, און זיי זענען אריינגע-פאלן אינם גרוב. געגן אוונט איז דער טאטע פון די זין געגאנגען פארשיטן דעם גרוב, האט ער געהערט דעם קול פון זיין זון; ״טאטע, איך לעב נאך!״ און ער האט ארוסגעצויגן זיין זון יוסף פון דעם גרוב. ער איז געווען שווער פארוואונדעט. דער טאטע האט אים אוועקגעפירט קיין דובנע אין שפיטאל אריין, ווו מען האט אים ארויסגענומען א קויל פון האלז, און איינע האט ער נאָך געהאט שטעקן אין פלייצע. יוסף געלאבטער האט נאך געלעבט נאכדעם מער ווי א יאר. איך האב אים געזען אינם געטא מלינאוו, ווו ער איז אומגעקומען אין געטאָ מלינאוו צוזאמען מיט זיינע עלטערן.

איך וויל דא דערמאנען, אז פון די לעבנגעבליבענע יידן, איז שלמה ברייער מיט א קינד פון 6 יאר געשטארבן פון טובערקולאז 4 מאנאט נאָך דער באפריי-אונג; די קראנקהייט האבן זיי באקומען אין בונקער, ווו זיי זענען געזעסן. און לעאן קופערבערג האט אויך דערלעבט די באפרייאונג, און ער איז אסענטירט געווארן פון די סאוויעטן און איז געפאלן א העלדענטויט ביי ליבאווע אין לעטלאנד, דעם 23-טן יאנואר 1945.

גדליה להב
מזרע

# בשואה

היה זה בהתחלת חודש דצמבר 1942, עת נמלטתי מעיירתי אלכסנדרה (ע״י רובנה) והגעתי לדובנא. ווהלין היתה אז ״נקייה״ מיהודים, ומעל בנייני העיר התנוססו פלקטים עם אותיות קדוש לבנה: ״המוצא יהודי מתחייב להביאו למשטרה ויבוא על שכרו; השכר — סוכר יי״ש וכדומה. חלחלה אחזה אותי. אמנם בכיס היתה תעודת זהות מזויפת — אך בכל זאת, מה עלי לעשות ולאן עלי לפנות. והנה נודע לי, שבמלינוב ישנה אחוזה גדולה ושם זקוקים לפועלים. נסעתי למלינוב, ואכן, נתקבלתי שם לעבודה ועבדתי שם עד לשחרור העיר. כבר בבואי לשם לא היה אף יהודי אחד. תוך מגע עם האוכלוסייה נודע לי, שכולם נורו והושלכו לבורות, אשר מחוץ לעיר (ע״י המשחטה). ואכן, כעבור זמן מה ראיתי את המקום במו עיני. שתי סוללות עפר בגובה 2—3 מטר כיסו את הבורות. נשאר לי רק להוזיל דמעות בחשאי, פן יראני מישהו.

בחודש ינואר 1943, עת ישבתי אצל הספר (מול הכנסייה הקתולית) ראיתי תמונה, שהרטיטה את כל כולי. ראיתי את עצמי חיוור כסיד ועשיתי מאמץ עליון לא לגלות כל חשד על היותי יהודי. ראיתי משפחה יהודית מובלת על-ידי שוט-רים אוקראינים מזויינים. והנה הפטיר הספר ואמר: ״לעזעזאל, היהודים הללו כנמלים. ככל שתשמידם, כן פורצים הם דרך הסדקים״. לא עניתי; ישבתי והחרשתי. אותו חורף שמעתי גם, שבכפר אחד (שמו נשמט מזכרוני) התגלו עוד 7 יהודים וסופם היה כשאר היהודים.

לי, אישית, לא הזדמן להיפגש עם יהודי כלשהו. רוב הבתים היהודיים עמדו על תלם ורק מעטים היו הרוסים. הבתים היו מאוכלסים, בעיקר בפולנים מדלת העם ומהפליטים, אשר ברחו מפחד השמדתם ע״י הכנופיות האוקראיניות.

---

**אל תשכחו. נשמו נא פנימה את מותנו.**
**זכרו לחיות מדעת על קידוש השם.**
**(אברהם סוצקבר)**

בוניא עפשטיין
חיפה

# נע־ונד אין גרויסן אומגליק
(אפשניטן פון עדות־זאגונגען אין „יד־ושם")

## אין מלינאווער געטא

דעם גאנצן ווינטער בין איך געווען אין דער היים. נאך פסח האב איך געזען, אז ס׳שטעלט זיך א שלעכטע צייט. מען מוז ווייטער זען עפעס, כדי זיך צו ראטעווען.

מיר האבן אלע יארן געהאנדלט מיט א פריץ, וואסקא פאהאלוק ניקאלאיעוו. איך מיט מיינע 2 ברידער, יוקל און הערשל, האבן זיך אויפגעהויבן און זענען אוועק צו אים און זיך געשטעלט ארבעטן פעלד-ארבעט. דארט זענען געווען אחוץ אונז נאך יידן.

שבועות, דעם ערשטן טאג, צי דעם צווייטן (כ׳געדענק נישט), האט מען געגעבן א באפעל, אז מיר מוזן גלייך גיין אין געטא אריין קיין מלינאוו. (צווישן-פראגע: "וויפל יידן זענען געווען אין מוראוויעץ?" "כ׳געדענק נישט גענוי. דאס איז געווען א קליין שטעטל. ס׳זענען געווען ביי א 100 משפחות. מלינאוו איז שוין געווען א גרעסער שטעטל מיט מער יידישע משפחות"). מען האט אונז געטריבן אין געטא אריין. אונזער משפחה — מיין מוטער, 2 ברידער און מיך — האט מען באזעצט צוזאמען מיטן יודנראט, מיר אין איין צימער און אין צווייטן — דער יודנראט.

גלייך ביים ערשטן אריינקום אין געטא, זענען ארומגעגאנגען דייטשן און געראבעוועט ביי די יידן, וואס נאר זיי האבן געהאט: קארטאפל, מעל, אייל און אויך אנטועכץ. זיי זענען אריין אויך צו אונז און אויך געוואלט ראבעווען, אבער איך האב זיך אנטקעגנגעשטעלט און כ׳האב נישט געלאזן. געווען איז דאס אונגאריש מיליטער; ביי אונז האבן זיי טאקע גארנישט גענומען.

מיין מוטער איז געבליבן אין געטא און איך מיט די 2 ברידער האבן ווייטער געארבעט אויסערן געטא ביי דעם פריץ וואסקא פאהאלוק. אויף שבת פלעג איך אהיימקומען צו דער מוטער. איינמאל האט זיך מיר אין מיטן דער וואך פארגלוסט זיך זען מיט דער מוטער, בין איך אהיימגעקומען. די 2 ברידער זענען געבליבן ביי דער ארבעט אין דעם דארף פאברעדאוו.



דער יודנראט האט געהאט איבערגעקויפט די אוקראַינצעס, אז זיי זאלן אנזאגן, ווען ס'וועט זיין די שחיטה. געווען איז דאס ראש חודש אלול. מען האט געמאכט פראבע, כדי צו זען, ווי די יידן וועלן לויפן. אין מיטן דער נאכט, אזייגער צוועלף-איינס, זענען געקומען די אוקראַינצעס און האבן געמאלדן דעם יודנראט, אז היינט ביינאכט וועט אויסגעשאכטן ווערן דאס גאנצע שטעטל, און ווער עס וויל קאן לויפן. זיי וועלן לאזן אפן די טויערן.

איך האב גענומען מיין מוטער און מיר זענען אוועק. מיין באבע האט געוווינט אין עק פון געטא, פונקט ביים פלויט, וואס איז געווען זייער הויך. אבער די באבע האט געהאט זייער א גרויסן סאד. זענען מיר א גאנצע נאכט געלעגן צווישן דיביימער באהאלטענערהייט. מיר האבן געקלערט, אז ווען מיר וועלן עפעס הערן, וועלן מיר אריבערשפרינגען דעם פלויט און מיר וועלן אנטלויפן. צום סוף: ס'איז געווארן טאג און ס'איז גארנישט פארגעקומען. די יידן האבן זיך צוריק אומגעקערט אין זייערע הייזער אין געטא. ווי געזאגט, האבן זיי געוואלט זען, ווי די יידן וועלן אנטלויפן. זיי האבן פשוט חוזק געמאכט פון די יידן.

איך האב ווייטער געארבעט אין פאברעדאוו. דעם ערשטן טאג ראש-השנה האב איך געארבעט, געווען איז דאָס שבת. אזוי ווי צומארגנס איז דאך געווען דער גויאישער זונטיק — האט מען מיך אהיימגעשיקט. אויך יום-כיפור בין איך געקומען אהיים. סוכות בין איך געקומען דעם צווייטן טאג. דאס איז געווען דער לעצטער סוכות, וואס כ'בין געווען צוזאמען מיט מיין מוטער און ברידער.

## מען גראבט שוין גריבער...

נאך סוכות בין איך אוועק צו דער ארבעט און די מוטער איז געבליבן אליין. געווען איז דאס דער צווייטער טאג חול-המועד סוכות. איך שטיי און ארבעט אין פעלד. דאס האריץ איז פארביטערט, פארצארנט. כ'גיב א קוק — מיין מוטער איז געקומען! זי אין געווען זייער דערשראקן.

"מאמע, נאכוואס ביסטו געקומען", האב איך זי געפרעגט.

"מיין קינד," האט זי געזאגט, "מען גראבט שוין גריבער פאר אונז..."

מיט זיך האט זי גארנישט גענומען. זי האט געמאכט א ראשטשינע כדי עפעס צו באקן, ווייל דאס איז געווען ערב הושענא-רבה. זי האט עס איבערגעלאזן און איז אנטלאפן. דער מענטש איז דאך פארבארעשט, כל-זמן ער לעבט, וויל ער דאך עסן. האָב איך זי געפרעגט:

"מאמע, פארוואס האסטו גארנישט מיטגענומען?"

איך האב זיך אויפגעהויבן און פארנאכט בין איך אוועק אין געטא. גלייך בין איך נישט אריין אין געטא, נאר כ'בין אוועק קיין מארוויץ, דארט געגעכטיקט

ביי א גוי און אין דער פרי בין איך אוועק קיין מלינאוו אין געטא. כ׳בין אריין אין שטוב און זיך געשטעלט באקן. אזוי ווי כ׳בין געשטאנען און געבאקן, האט מען מיר דערציילט, אז ס׳זענען שוין דא געהרגעטע. ווער ס׳האט געוואלט אנטלויפן פון געטא, האט מען געהרגעט אויפן ארט. צווישן די געהרגעטע זענען געווען טייטלבוימס צוויי יינגלעך.

פרויען האבן מיך געפרעגט, נאכוואס בין איך געקומען דוקא איצט אין געטא אריין, ווען די גאנצע צייט געפין איך זיך אויסערן געטא. כ׳האב זיי געענטפערט, אז מן-הסתם איז אזוי באשערט, אז כ׳זאל גיין צו דער שחיטה מיט אלע יידן צוזאמען. און כ׳בין ווייטער געשטאנען און געבאקן, אבער כ׳בין שוין געווען זייער נערוועז. וואס נאר עס איז געווען אין שטוב, האב איך אריינגעלייגט אין אויוון און געברענט.

כ׳בין ארויס אין געטא. כ׳זע און הער, אז דער רעש איז גרויס. די מענטשן זענען איבערגעשראקן, מען קלאגט און מען וויינט. ס׳איז צו צו מיר חאצקל ליבער און האט מיר געזאגט:

"בוניע, דו האסט דאך א שיין, נעם און גיי. מאך זיך, אז דו ווייסט פון גארנישט."

איך האב פארשטאנען, אז ער זאגט גאנץ גוט. סיי-ווי-סיי בין איך דאך פאראורטיילט צום טויט; צו וואס דארף איך גיין צום טויט צוזאמען מיט אלעמען, שטיין אין ריי און ווארטן, אז מען זאל מיך שיסן? כ׳וועל גיין צום טויער, וועט מען מיך גלייך שיסן, וועל איך פארשפארן זען, ווי מען שיסט אנדערע. כ׳האב אנגעפאקט 2 קאשיקעס מיט עסן. כ׳האב אנגעטאן א געל סוועדערל מיט די 2 לאטעס (דאס געל סוועדערל האב איך אנגעטאן, כדי מען זאל נישט דערזען די 2 געלע לאטעס) און א טיכל אויפן קאפ. די שיך האב איך גענומען אויף די אקסלען. כ׳האב זיך אזוי געלאזן ארויסגיין פון געטא. ס׳זענען געשטאנען די דייטשן און אוקראינער און האבן מיך נישט דערקענט. זיי האבן מיך אנגענומען פאר א שיקסע.

אזוי בין איך ארויס פון געטא. ווען כ׳בין צו צו דער בריק אונטער מלינאוו, איז אנגעקומען א פאליאק און האט מיך ארויפגענומען אויף זיין וואגן. ער האט מיר געפרעגט וווהין איך דארף. כ׳האב אים געענטפערט, אז כ׳דארף אין פאברעדאוו. ער האט מיר געזאגט, אז כ׳זאל פארן מיט אים קיין סמארדאוו, ווייל אלע יידן ווערן אויסגעשאסן. מען גראבט שוין פאר זיי גריבער. אבער איך האב דאך געהאט דארט מיין מוטער און אויך געהאט באשטעלטע ערטער וו זיך צו באהאלטן, האב איך נישט געוואלט פארן מיט אים. ער האט מיך צוגעפירט ביז פאברעדאוו.

ווען כ׳בין געקומען, האב איך געטראפן מיין מוטער מיט די 2 ברידער. מיר האבן געווארט, אז ס׳זאל ווערן נאכט. מיר האבן געהאט באשטעלטע ערטער ביי א גוי אין דאבראטין. מיין עלטערער ברודער, הערשל, איז געבליבן ביי א גוי אין פאברעדאוו (פארשטייט זיך באצאלט דעם גוי). אויך די מוטער איז געבליבן, ווייל זי האט נישט געקענט שווימען; כדי אנצוקומען קיין דאבראטין האט מען געדארפן דורכשווימען א טייך. מיר האבן זיך אפגעזעגנט און איך מיט יוקלען זענען ביינאכט איבערגעשווומען דעם טייך.

## מיר זוכן א באהעלטעניש ביי גויים

די גויים האבן געוויינט אויף אונזער גרויסן חורבן.

דאס אנטועכץ האבן מיר געגומען אויפן קאפ און זענען אריבערגעשווומען דעם טייך. ארויסגייענדיק פונעם וואסער, האבן מיר זיך אנגעטאן און זענען אוועק צום גוי, ביי וועלכן מיר האבן געהאט באשטעלט דאס ארט. דער גוי האט שוין געהאט צוגעגרייט פאר אונז אן ארט אין א סטערטע שטרוי. מירביידע זענען ארייגעקראכן און דארט איבערגעשלאפן די נאכט.

פארטאג האט זיך מיין ברודער, יוקל, אויפגעהויבן און איז אוועק צוריק קיין פאברעדאוו, כדי צו ברענגען די מאמען. געווען איז דאס דעם ערשטן טאג שמחת-תורה. ביינאכט האט יוקל איר געגומען. זיי האבן געדארפן מאכן א שטרעקע פון 15 קמ., פארן פון פאברעדאוו ארום-און-ארום.

יוקל מיט דער מאמען זענען אנגעקומען קיין דאבראטין שמחת-תורה ביינאכט. צומארגנס האבן די גויים אונז געמאלדן, אז מיר זאלן זיך פארנעמען פון דארט; זיי האבן פאר אונז נישט קיין פלאץ און האבן אליין מורא. די מאמע איז אין משך פון די פאר טעג געווארן א האלבער מת. ווען זי איז אנגעקומען, בין איך ארויס פון דער נארע. איך האב געקוקט אויף איר און זי אויף מיר, אבער נישט געקענט ארויסריידן קיין ווארט. נאך דעם, ווי די גויים האבן אונז געמאלדן, אז זיי האבן נישט פאר אונז קיין ארט, האט דער ברודער יוקל געדארפן אפפירן די מאמע צוריק קיין פאברעדאוו, ווו זי איז געווען פריער.

אין דעם דארף דאבראטין האט זיך אין א צווייטע נארע געפונען מיין ברודער געצל מיט זיין פרוי פעסיע און זייער 4-יעריק קינד. ביינאכט זענען מיר געגאנגען זוכן א צווייט ארט. מיין ברודער האט געפונען אן ארט ביי ריצאוויוק, וועלכער איז געווען זייער א גוטער גוי און א רייכער. ער האט אונז ארייגגע-נומען. אבער פון מיר האט ער נישט געוווסט. ער האט נאר געוווסט וועגן 3 פערזאן.

אריינגענומען האט ער אונז אויף דער קלינע. דארט זענען מיר געלעגן. מיך האט מען צוגעדעקט מיט שטרוי, כדי ווען מען טראגט ארויף דאס עסן, זאל מען נישט זעען, אז ס׳איז דא א פערטע פערזאן. (צווישן-פראגע: ״ווי האט געהייסן דאס דארף?״ — ״פאנסקא דאלינא.״).

דער גוי האט אונז געהאלטן עטלעכע טעג ביז צו דער שחיטה. פרייטיק איז געווען די שחיטה. זענען אלע גויים געפארן קיין מלינאוו זען, ווי מען הרגעט די יידן. דער טאג איז געווען ביי זיי זייער א גרויסער יום-טוב.

מיטוואך ביינאכט איז געקומען מיין ברודער יוקל און האט צוזאמען מיט אונז איבערגענכטיקט. מיר האבן אים געבעטן ער זאל זיין מיט אונז צוזאמען. ער האט נישט געוואלט, ווייל ער האט שוין געהאט אן ארט, וווּ זיך צו באהאלטן. זיין ארט איז געווען ביי וואטקא פאהאלוק, ווו ס׳זענען געווען נאך 20 יידן.

ווי געזאגט איז פרייטיק געווען די שחיטה פון די יידן פון 2 שטעטלעך, מעראוויץ און מלינאוו, און די גויים זענען געפארן זען דעם גרויסן יום-טוב. געפארן איז אויך איוואן (זיין פאמיליע געדענק איך נישט), דער איידעם פון אונזער גוי ריצאוויוק. פארנדיק האט ער געזעען, ווי מען האט געפירט מיין ברודער הערשל, וועלכער איז געווען באהאלטן אין א קעלער, צו דער שחיטה. מיין ברודער האט זיך געגריסט מיטן גוי. ווען דער גוי איז אהיימגעקומען האט ער עס אונז דערציילט. ער אליין איז געווען זייער א פיינער גוי.

שבת אין דער פרי איז מען געקומען צו דעם גוי און אלע האבן גענומען אפלאכן ווי אזוי מען האט געשאסן די יידן: דער איז געלעגן מיט די פיס ארויף און דער מיט די פיס אראפ. מיר זענען געלעגן און זיך צוגעהערט, וואס די גויים האבן גערעדט. מיר האבן נישט געטארט נישט וויינען און נישט זיפצן, ווייל מיר אליין זענען געווען צום טויט פאראורטיילט.

שבת פארנאכט איז צו אונז ארויפגעקומען די טאכטער פון ריצאוויוק און האט אונז געזאגט, אז זיי קענען אונז מער נישט האלטן; מיר מוזן גיין ווייטער, ווייל מען האט געהאלטן אין דארף א רעדע, אז ווער ס׳וועט אויסבאהאלטן יידן, וועט גלייך געשאסן ווערן צוזאמען מיט די יידן.

## ווייטער געוואנדערט און געוואנדערט

מיר האבן נישט געהאט קיין אנדער ברירה און מיין ברודער געצל האט גענומען דאס קינד אויף די הענט און מיר זענען אוועק. דער רעגן איז געפאלן און מיר זענען געגאנגען. צו וועלכן גוי געצל איז אריין בעטן, מען זאל אונז אריינלאזן, האט קיין איינער נישט געוואלט. ס׳האט אנגעהויבן צו טאגן. זעענדיק, אז מיר האבן נישט קיין אנדער ברירה, זענען מיר אריין צו א גוי אין א קלינע,

ד.ה. איך און די שוועגערין מיטן קינד. געצל איז אוועק ווייטער אין א דארף זוכן אן ארט פאר אונז.

פון ארומגיין די גאנצע נאכט, זענען מיר געווען שרעקלעך מיד. דער רעגן האט געגאסן. זענען מיר אין דער קלינע אנשלאפן געווארן. ביי דעם גוי האבן זיך געפונען 15 יידן. צווישן די 15 יידן זענען געווען מיין שוועגערינס פעסיעס ברודער, **שראליק ווארצל**, זיין פרוי **איטע** און זייערע 3 קינדער — **פעטע** (דער עלטערער), **לאה** און זעליק. די צווייטע משפחה איז געווען פון איטעס שוועסטער — **פרידא** מיט איר חתן **פסח ליצמאן**; דאן איז געווען **נטע רייכמאן** מיט זיין טאכטער **ברכה** און זון **מרדכי**, ווי אויך די עלטערע טאכטער **מעמצי**.

מיר האבן זיך מיט זיי נישט געזען. אין דער קלינע זענען מיר איבערגעלעגן די נאכט און דעם גאנצן טאג. ביינאכט איז געקומען דער ברודער און האט געזאגט, אז ער האט געפונען אן ארט. מיר האבן גענומען דאס קינד און זיך געלאזן ווייטער גיין. מיר זענען אנגעקומען אינעם דארף, וואס איז געווען נישט ווייט פון דאבראטין. דער גוי האט געהייסן **דימיטרי**. דער גוי האט געמאכט פאר אונז א נארע אין דער סטערטע, ווו ס׳האט אפילו קיין איין מענטש אויך נישט געקענט אריינגיין, און מיר זענען אריין 4 מענטשן. געלעגן זענען מיר צונויפגעקארטשעט. מילא, מיר עלטערע מענטשן האבן געוווסט, אז מיר דארפן בידעווען, אבער דאס קינד האט דאך געוואלט עסן. ס׳האט געוואלט זען, ווי פייגעלעך פליען, האט עס אנגעהויבן צו וויינען. אז דאס קינד האט אנגעהויבן צו וויינען, איז געקומען דער גוי און האט געזאגט, אז מיר זאלן זיך פארנעמען; אבער מיך האט ער געוואלט האלטן.

מיין ברודער האט דאך נישט געהאט קיין אנדער ברירה, אז ער הייסט אים גיין — מוז ער גיין. זענען זיי, ער און פרוי מיטן קינד, אוועק; איך בין געבליבן.

מיך האט דער גוי ארויפגענומען אויפן ביידעמל, ווו די חזירים זענען געשטאנען. מיט זיך האב איך געהאט א בורקע, בין איך געלעגן איינגעהילט אין דער בורקע. מיין ארבעט איז באשטאנען פון וויינען... כ׳האב געוויינט בייטאג און ביינאכט. די גויע פלעגט קומען עטלעכע מאל, מיר געגעבן עפעס צום עסן, בעסער געזאגט, זי פלעגט נישט ארויפקומען, נאר זי פלעגט דאס עסן ארויפווארפן.

ביי דעם גוי בין איך געווען 2 וואכן. אין משך פון די 2 וואכן האב איך באקומען אן אויסזען פון א געשטארבענער, געווען שוין א האלבער מת. זונטיק איז ארויפגעקומען די גויע און האט מיך געהייסן זיך פארנעמען, ווייל אין דאבראטין האט מען געהאלטן א רעדע, אז אין פאל, ווען מען וועט ביי א גוי

געפינען א ייד, וועט מען דעם גוי פארברענען צוזאמען מיטן ייד; דעריבער האבן זיי מורא. איך האב נישט געקענט די דערפער און נישט געוווּסט וווּהין צו גיין. כ׳האב זיך געבעטן, אז זיי זאלן ווארטן כאטש נאך איין טאג, ווי מיין הארץ וואלט עפעס פארגעפילט...

ס׳איז געקומען צו מיר דער פלימעניק פון דעם גוי, ביי וועלכן ס׳זענען געווען באהאלטן די 15 יידן (שוין אויסגערעכנט) און האט מיר פארגעלייגט, אז ער וועט מיך אויסבאהאלטן, אבער מיטן באדינג, אז כ׳זאל מיט אים לעבן. מיין ברודער געצל איז געווען מסכים. אבער איך האב געזאגט, אז בעסער איז פאר מיר דער טויט אויפן ארט און כ׳וויל נישט לעבן מיט א גוי.

דעם זונטיק אין אוונט, ווען דימיטרי האט מיר געהייסן זיך פארנעמען, האב איך געהערט, אז דער גוי איז דא. כ׳בין געווען אליין אויפן בוידעם, האב איך זייער מורא געקריגן, אז דער גוי וועט ארויפקומען צו מיר אויפן בוידעם. שרייען קאן איך נישט, און ביי אים די הענט בין איך דאך — קאן ער דאך טאן מיט מיר, וואס ער וויל. כ׳בין געבליבן ליגן אין שרעק. כ׳ווייס נישט צי כ׳בין געשלאפן, צי כ׳האב געחלשט. כ׳הער מען שרייט ״בוניע״. כ׳האב געמיינט, אז דער גוי רופט מיך. כ׳האב זיך אויפגעכאפט צי פון שלאף, צי פון חלשות — כ׳גיב א קוק: ס׳שטייט פאר מיר מיין ברודער געצל. כ׳האב אנגעהויבן שרעקלעך צו וויינען. מיין ברודער האט מיך גערופן מיט זיך, ווייל ער האט שוין אן ארט פאר אלעמען.

מיין ברודער איז אוועק צום פריערדיקן ארט ביי ריצאוויוק, ווו ער איז געווען מיט דער פרוי און מיטן קינד. דערנאך האט ער געפונען אן ארט אין פאנסקא דאלינא ביים פאליאק שארעק, וועמען ער האט גוט באצאלט. מיט מיר איז ער געגאנגען צו ריצאוויוק נעמען די פרוי מיטן קינד. צוזאמען האבן מיר זיך געלאזן גיין צו שארעקן.

צו שארעקן זענען מיר אנגעקומען ראש חודש כסלו. ס׳איז שוין געווען שרעקלעך קאלט. שארעק האָט געמאכט פאר אונז אן אָרט אויך אין א סטערטע. דאס ארט איז שוין געווען א גרויס. אונז איז געווען שרעקלעך קאלט. זיי האבן אונז גלייך אריינגעגעבן א טשאיניק מיט טיי און מיר האבן זיך דערוואַרעמט.

די צווייטע נאכט בין איך מיטן ברודער אוועק אויף די קוציס, ווו מיר האבן געהאט ארויסגעפירט אונזערע זאכן. מיר האבן געבראכט בעטגעוואנט — וואטענע קאָדרעס און קישנס. זענען מיר געלעגן אין דער סטערטע אונטערן בעטגעוואנט. אבער דאך איז געווען שרעקלעך קאלט. אונטערן איבערבעט האבן מיר געהאלטן א פלאַש וואסער פארן קינד — עס איז געפרוירן געווארן, דאן האט שארעק געזאגט, אז ער וועט פאר אונז מאכן א סכראן.

ביינאכט זענען ארויס מיין ברודער געצל מיט שאריקט יינגלעך און האבן געמאכט א סכראן פאר אונז. ווו איז געוועזן דער סכראן? אינעם שטאל, ווו ס׳זענען געשטאנען די בהמות, האבן זיי אויסגעגראבן א גרוב, וואס מען האט פארדעקט מיט ברעטער, אויף די ברעטער האבן זיי ארויפגעלייגט שטרוי, אויפן שטרוי ערד און אויף דעם זענען געשטאנען די בהמות. דער אריינגאנג איז געוועזן דורכן זשאלעק, ווו מען גיט די בהמות עסן. דארט איז אונז געוועזן זייער גוט. זיי האבן אונז געגעבן זייער גוט צום עסן. געווען זענען זיי זייער גוטע מענטשן און האבן געהאט צו אונז גרויס מיטלייד. די באלעבאסטע, שארעקס פרוי, האט געזאגט, אז מיר זיצן כסדר אין א גרוב אן לופט, דארפן מיר גוט עסן. האט מען אונז געגעבן 2 מאל אין טאג פלייש, חזיר, מילך און סמעטענע — דאס בעסטע עסן. אבער מיר האבן זיי גוט באצאלט. איך האב געהאט כמעט דאס גאנצע פארמעגן ארויסגעפירט צו וואסקע פאהאלוק; אויך האב איך געהאט א ביסל ביי אנדערע גויים.

## איובס בשורות

ווי געזאגט האבן מיר געהאט גוט, דאס עסן איז געווען זייער גוט, אבער, וואס איז אונז ארויסגעקומען? מיר האבן זייער געטרויערט. מיר האבן געהערט, אז יוקלען האט מען געהרגעט מיט נאך 20 יידן, מיט וועלכע ער איז געווען צוזאמען. מען האט אפילו דערציילט, אז דער אוקראינישער קאמענדאנט פון מלינאוו האט יוקלען אויסגעטאן. יוקל האט געטראגן א פאר אפיצירסקי שטיוול. געהאט האט ער ביי זיך גאלד, האט דער קאמענדאנט עס ביי אים צוגענומען און געשאסן.

אין איינער א נאכט האט זיך אפגערופן מיין ברודער געצל, אז ער וועט גיין צו א גוי אפנעמען א ביסל זאכן. מיט אים איז מיטגעגאנגען זיין ווייב פעסיע. איך בין געבליבן מיטן קינד. ביינאכט, כ׳זע געצל און פעסיע קומען נישט צוריק. כ׳בין געלעגן און געוויינט און געבעטן גאט, אז די מאמע מיטן טאטן זאלן צוריקומען צום קליינעם קינד. ערשט פארטאג זענען זיי אנגעקומען און מיר דערציילט ביטערע נייעס:

ווען זיי זענען געקומען צום גוי, האבן זיי אפגענומען זייער א שלעכטן גרוס. מען האט אויסגעהרגעט די 15 יידן, וועגן וועלכע כ׳האב שוין דערציילט. אויפן ארט האט מען געהרגעט שראליק ווארצלען מיט זיין ווייב איטע און זייערע 3 קינדער. נטע רייכמאן האט געגומען לויפן, האט מען אים נאכגעשאסן און פארוואונדעט, האט אים זיין זון, מרדכי, געטראגן אויף די פלייצעס. מעמציין האבן די אוקראינער גענומען אין דער קאמענדאנטור, ווו מען האט איר אפגע-האלטן 3 טעג. גוט געמארדעווט, געטאן מיר איר, וואס זיי האבן געוואלט און

נאכער געשאסן. די אלע האט מען אוועקגעפירט קיין מלינאוו, ווו זיי ליגן באגראבן.

נאך 8 טעג האבן מיר ווידער געהערט א פינצטערע בשורה: ס'זענען געווען באהאלטן **יאסל פעלדמאן** מיט זיי פרוי, **אניעלא** און זיין ברודער **מאטל**, וועלכער איז אנטלאפן פון דער שחיטה און מיידעלע פון צוויי מיט א האלבן יאר, **האלינא**. פארשטייט זיך, אז דאס קינד האט זייער דאקוטשעט, האט געוואלט ארומלויפן אויף דער גאס און געוואלט עסן, האט עס געוויינט. האבן זיי מורא געהאט, אז צוליבן קינד, וועט מען זיי הרגענען. האבן זיי באצאלט א סך געלט דעם פאליאק **זארעמבא**, ער זאל אפפירן דאס קינד קיין **קיווערעץ**, ווו ער האט געהאט משפחה. נאכער האט זארעמבא געהייסן זיי אוועקגיין, ווייל מען איז געקומען זוכן יידן. זיי האט מען דאן נישט געפונען. די 3 מענטשן האבן זיך אויפגעהויבן און זענען אוועק נעבן דאבראטין צו א גויע, אן אלמנה, וועלכע האט זיי ארייגענומען. זיי האבן איר זייער א סך באצאלט. זי האט זיי ארויפ־גענומען אויפן פיעקאליק. געזאגט האט זי, אז זי וועט מאכן א סכראן פאר זיי. ס'זענען אוועקגעגאנגען טעג און די גויע האט קיין סכראן ניט געמאכט. זיי האבן איר אנגעהויבן צו פרעגן, פארוואס זי מאכט נישט. האט זי געענטפערט, אז היינט וועט זי מאכן.

זי האט זיי צוגעטראגן עסן, וואס איז באשטאנען פון א זאטיערוכע. איין איז זי אוועק. געווען איז דאס אויף דער נאכט. ס'האט נישט געדויערט לאנג און ס'זענען אנגעקומען אוקראינער, פאליציאנטן, האבן אויפגעהאקט די טיר, אונטערגעלייגט אין מיטן שטוב א סנאפ שטרוי, עס אנגעצונדן. איין זענען זיי צו צום פיעקאליק און געהייסן די יידן אראפקריכן. די שטוב איז שוין געווען באלאגערט פון אוקראינישע פאליציי. די פעלדמאנס האבן נישט געוואלט אראפ־גיין. יאסל איז ארויסגעשפרונגען דורכן פענצטער, האט מען אים גלייך געשפאלטן דעם קאפ. זיין פרוי, אניעלע, און מאטלען האבן די פאליציאנטן אראפגענומען פון פיעקאליק. אויסגעפאלן איז, אז איוואן, ריצאוויזקס איידעם, האט זיי געדארפן פירן קיין מלינאוו.

אויפן וועג האט אניעלע ארויסגענומען א טיכל און ארומגעבונדן יאסלס קאפ, ווייל ס'האט זייער גערונען דאס בלוט (אונז האט עס דערנאך דער גוי דערציילט). איוואן האט געוווסט, אז דאס קינד איז נישט מיט זיי און ווו עס געפינט זיך. געווען איז ער זייער א קלוגער גוי, נישט קיין אנטיסעמיט. אויף שטום-לשון האט ער פארשטאנען, וואס אניעלא מיינט. זי האט ארויסגענומען א בילד מיט א טיכל און האט אים געגעבן; ווי איינער זאגט: אז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, זאל ער עס איבערגעבן דעם קינד אלס אנדענקונג. זיי איין

האט מען געשאסן אין מלינאוו, און געלייגט האט מען זיי צוזאמען מיט זייער משפחה וורצעל (פון די 15 יידן).



מיר, זייענדיק אין גרוב, האבן נאר געלעבט מיט חלומות. וואס ס'האט זיך געחלומט ביינאכט, האבן מיר אין דער פרי דערציילט. איינמאל איז מיר געקומען צו חלום דער מערוויצער רב מיט א ספר-תורה אין די הענט. די ספר-תורה האט געהאט גאלדענע אותיות. דער רב האט אויסגעשריען אויפן קול: בוניע, קלויב זיך אויס אן אות, כ'זאל מנדר זיין. (צווישן-פראגע: "ווי אזוי האט געהייסן דער רב ?" — "כ'געדענק נישט.")

אין דער פרי האב איך דערציילט מיין חלום דעם ברודער מיט דער שווע-גערין. כ'האב צוגעגעבן: "רבונו של עולם, איך ווייס דאך נישט, צי כ'וועל בלייבן לעבן. אבער, אז כ'וועל בלייבן לעבן — גיב איך א נדר, אז דאס קינד פון יאסל פעלדמאן וועל איך ראטעווען, ס'זאל נישט בלייבן אין קיין גויאישע הענט."

## פויליש-אוקראינישע שטרייטן

ביי שארעקן זענען מיר אפגעווען 9 מאנאטן. נאכער האבן זיך אנגעהויבן זייער שלעכטע צייטן פאר אונז. די אוקראינער און פאליאקן האבן אנגעהויבן צו ברענען איינער דעם צווייטן. זענען די פאליאקן פון פאנסקא דאלינא ארויס-געפארן קיין לוצק. מיר זענען געבליבן אין דעם גרוב, האבן דאך נישט געהאט וווהין צו פארן. אויך שארעק מיט זיינע שקצים זענען נאך געבליבן.

אלע ביינאכט פלעגט מיין ברודער, געצל, ארויפגיין אויפן בוידעם קוקן, ווייל ווען מען וועט ברענען שארעקן, וועלן מיר דאן אנטלויפן זיך ראטעווען. א ביינאכט, נאך שבועות, קומט צולויפן צו אונז געצל און שרייט: "קינדער, מיר ברענען! גיט מיר דאס קינד!"

מיר זענען געשלאפן. מיר האבן געכאפט דאס קינד, נאקעטערהייט און געגעבן דעם ברודער. מיין שוועגערין איז פונקט דאן געווען קראנק און זיך נישט געקענט רירן. ס'האָט איר ווי געטאָן דער רוקן, האָט געקריגן א עקסנשוס. איך בין דאן געווען יונג, איך האב גיך צונויפגעפאקט מיין פעקל און בין אראפגעקראכן. כ'זע — עס ברענט שוין שארעקס שטוב. כ'בין צוגעלאפן צום סכראן און אנגעהויבן שרייען: "פעסי, קום גיך, מיר ברענען!". מיט אלע מיינע כוחות האב איך מיין שוועגערין ארויסגעשלעפט פון דעם גרוב. גיין האבן מיר שוין נישט געקענט, מיט גרויסע שוועריקייטן זענען מיר ארויסגעקראכן פונעם הויז, וואס האט געברענט. אויך האט מען געשאסן.

ווען זיי וואלטן געוווסט, אז מיר זענען יידן, וואלט מען אונז זיכער געשאסן, אָבער זיי האָבן נישט געוווסט. מיר זענען צוגעקראכן צו די פעלדער. דער אוונט איז געווען א שרעקלעכער. דאס גאנצע דארף האט געברענט. מיר זענען געלעגן אין פעלד, באהאלטן צוזאמען מיט שארעקן און זיינע יינגלעך. מיין שוועגערין האט שרעקלעך געוויינט. ווייל זי האט נישט געוווסט, ווו ס'איז איר מאן, מיין ברודער, מיטן קינד, זי האט געזאגט, אז זי וויל שוין אויך נישט לעבן, ווייל זי האט נישט דעם מאן מיטן קינד.

מיר גיבן א קוק: ס'גייט א מענטש. ס'האט זיך א כאפ געטאן וולאדעק (שארעקס א יינגל) און האט געוואלט שיסן אויף אים. האט זיך אנגערופן די שוועגערין: "אפשר איז דאס געצל?" און ס'איז טאקע געווען געצל מיטן קינד. ווי דאס קינד האט אויסגעזען איז נישט צו דערציילן. אויך דער ברודער איז געווען א האלב געשטארבענער פון שרעק.

ווו צו זיין האבן מיר נישט. ביינאכט זענען מיר אוועק אין די בראקעווער פעלדער, ווייל דא האבן מיר מער נישט געקענט זיין. געלעגן זענען מיר אין די תבואות 8 טעג. בייטאג האט געברענט די היץ און ביינאכט איז געווען קאלט. אויך פלעגט רעגענען. דערנערט האבן מיר זיך מיט תבואה פון די פעלדער. געטרונקען האבן מיר דאס גרינע, פארשטונקענע וואסער פון די קאלוזשעס וואס זענען געווען פול מיט זשאבעס.

## וייטערע פאסירונגען

מיר האבן געזען, אז מער קענען מיר שוין נישט איבערטראגן. איך בין געבליבן פארחלשט. כ'האב געזאגט, אז וואס ס'וועט זיין, וועט זיין; זאל מען מיך הרגענען. מיר האבן זיך אויפגעהויבן און ארויפגעקראכן צו א גוי אויף א בוידעם, די גויים, אוקראינער, זענען נישט געווען, זענען ארויסגעפארן. מיר זענען געלעגן אויף דעם בוידעם, איך פלעג אראפגיין גאנץ פרי, אנגעריסן די גרינע קארשן און ווייכשל און זיך צוריקקערן. דאס פלעגן מיר עסן און פארטרינקען מיט א קרוג וואסער. דערנאך זענען די גויים צוריקגעקומען א היים; אויך דער גוי, אויף וועמענס בוידעם מיר זענען געלעגן. ער האט געמאכט פאר אונז א גרוב און אונז וייטער אויסבאהאלטן.



אין יאר 1943, ווינטער (דעם חודש געדענק איך נישט), נאך די גרויסע פרעסט, האט אנגעהויבן צו ווערן שלעכט אויך פאר די אוקראינער. מען האט געמאכט אן אבלאווע אין דאבראטין. די גויים האבן געמאכט גרעסערע סכראנען. **דער ארייןגאנג** און ארויסגאנג איז געווען אויפן פעלד. אויך זיי זענען געלעגן

אין די זעלבע גריבער, וואס מיר.

איוואנס פרוי איז אראפ און געלעגן מיט אונז צוזאמען אין דעם גרוב. איוואנען אליין האבן די דייטשן צוגענומען. מיר אונטן, אין דעם גרוב, האבן נישט געוווסט, וואס עס טוט זיך אויבן. פלוצים הערן מיר מען האקט. האבן מיר געמיינט, אז מען האקט אין סכראן. ארויסגעוויזן האט זיך, אז די דייטשן האבן געכאפט עופות און אראפגעהאקט זייערע קעפ פונקט אויפן זשאלעק. מיר האבן געמיינט, אז זיי האבן שוין געפונען אונזער גרוב און זוכן אונז.

מיין ברודער געצל האט זיך מיט אונדז אפגעזעגנט און געזאגט, אז ער וויל, אז די קויל זאל אים טרעפן פריער, ווי דעם קינד. עס איז אוועק א שטיקל צייט און, גאט-צו-דאנק, דעם גרוב האט מען נישט אנטדעקט. געווען איז שוין אויף דער נאכט. די גויע איז ארויף אויבן. אויך דעם באלעבאס האבן די דייטשן אפגעלאזן. ער איז אראפ צו אונז און געזאגט, אז מיר זאלן זיך פארנעמען, ווייל ער וויל אונז שוין מער נישט האלטן: ״איך האב אייך געהאלטן 6 מאנאטן; ווייטער האב איך מורא. ווען מען וואלט געעפנט דעם סכראן און מען געפינט אייך צוזאמען מיט מיין ווייב, וואלט מען איר געשאסן צוזאמען מיט אייך.״

וואס טוט מען ווייטער? דער שניי איז גרויס, בארוועס זענען מיר, קיין ווארעמע קליידונג האבן מיר נישט. מיר האבן זיך אויפגעהויבן ביינאכט און געגאנגען ווייטער. געווען איז דאס שוין סוף יאר 1943. מיך האט דער ברודער אריינגעפירט צו א גוי, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאר ביי די דייטשן. אבער ער האט געוואלט זיך ראטעווען, דער סוף פון די דייטשן איז אונטערגעקו-מען. זיי האבן געליטן מפלות פון אלע זייטן. האט דער גוי געטראכט, אז דורך מיר וועט ער זיך קענען ראטעווען... געצל מיט דער פרוי און קינד זענען אוועק צו א צווייטן גוי.

אויך דער גוי, ביי וועלכן כ׳בין איצט געווען האט געהייסן איוואן. ער האט מיך געהאלטן אויפן פעקאליק. עסן האט ער מיר געגעבן זייער גוט.

כ׳וויל צוגעבן, אז איידער איך האב זיך צעשיידט מיט מיין ברודער, געצל, זענען מיר אינאיינעם א פארנאכט געגאנגען בעטן עסן צו א גוי, ווייל ביי דעם גוי, וואס מיר זענען געווען צוזאמען האבן מיר געהאט ווייניק עסן. מיר האבן געוווסט, אז צו דעם גוי קאן מען אריינגיין, ווייל ער איז א קאמוניסט. ווען מיר זענען צו אים אריין, האט ער אונז געהייסן זיך באהאלטן, ווייל עמעץ איז דא ביי אים. ער האט אונז ארויסגעפירט אין דעם קלינע. אויף דער קלינע איז אונז אנטקעגן געקומען איינער; געצל האט אים דערקענט. געווען איז דאס א רוסישער זעלנער, מיט וועלכן געצל האט געארבעט צוזאמען פאר די רוסן. יעצט איז דער זעלנער א פארטיזאן.

ווען ער האט אונז דערזען, האט ער אנגעהויבן צו קושן געצלען. געצל איז געווען שטארק באוואקסן, האט ער אים געגעבן א ראזיר-מעסער און געצל האט זיך אפגעראזירט, זיך ארומגעפוצט. אויך האט ער געבראכט פאר אונדז עסן — חזיר, ברויט, רעטעכלעך. ער איז געזעסן מיט אונז א גאנצן טאג און דערציילט נייעס, ווי עס האלט אויפן פראנט.

געצל האט זיך אפגערופן: ״איך ווייס נישט, צי מיר וועלן בלייבן לעבן. אבער דו וועסט זיכער בלייבן לעבן, וויל איך פון דיר איין זאך: וויסן זאלסטו, אז וואסקע פאהאלוק האט אויסגעשאכטן 22 יידן, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך מיין ברודער, יוקל. איך וויל, אז דו זאלסט נקמה נעמען אין דעם גוי.״

דער פארטיזאן האט צוגעזאגט און פארצייכנט. ס׳איז געווען נאך א גוי, אין וועלכן מען האט געדארפן נעמען נקמה. ס׳האט נישט געדויערט לאנג, אויפן צווייטן טאג, האבן מיר שוין געהערט, אז צו וואסקע פאהאלוק זענען ביינאכט אריין אומבאקאנטע מענטשן, וועלכע האבן אים צוגענומען און מען ווייסט נישט וווהין. אויך האט מען גענומען דעם גוי צאניוק און נאך א דריטן גוי, וועמענס נאמען איך געדענק נישט.

ווי געזאגט, איך בין געווען ביי איין גוי און געצל ביי א צווייטן. ווייט איז נישט געווען אייבער פון צווייטן, א 5 ק״מ. פון מערוויץ. דער גוי האט מיר זייער גוט אפגעהיטן; געגעבן צו עסן פון דאס שענסטע און בעסטע. מיין ארבעט איז באשטאנען פון זיצן אויפן פעקעליק, וויינען און פליקן פעדערן פאר דער גויע.

איינמאל איז געווען אן אבלאווע אויף דער קוצע. דער גוי האט מיך אראפגעפירט אין סכראן (אלע גויים האבן שוין געהאט סכראנען); ער אליין האט דאך קיין מורא נישט געהאט, געווען סעקרעטאר. אבער אויב מען וועט ביי אים געפינען א ייד, וועט מען אים שיסן. אין דעם גרוב בין איך געלעגן א גאנצן טאג; כ׳בין געווען לעבעדיק באגראבן. כ׳האב געטראכט: צי וואס דארף איך זיך נאך מאטערן. כ׳האב געוואלט מאכן אן ענדע צו מיין לעבן, אבער כ׳האב נישט געהאט מיט וואס צו באגיין זעלבסטמארד. כ׳האב זיך געריסן די האר פון קאפ, זיך געביסן.

אויף דער נאכט איז געקומען דער גוי מיך ארויפנעמען. ער האט זיך איבער-געצלמט און מיר געפרעגט, וואס ס׳איז געשען מיט מיר. ער האט מיך צוריק ארויפגעזעצט אויפן פעקעליק און דאס לעבן איז געגאנגען ווייטער. כ׳זיץ אליין, וויין און קלאג. ביז איצט בין איך דאך געזעסן צוזאמען מיטן ברודער און מיט דער שוועגערין.



כ׳האב באשלאסן אוועקצוגיין פון דעם גוי מיטן אייגענעם ווילן. וואס וועט זיין — וועט זיין! איך גיי צום ברודער. א ביינאכט בין איך אויפגעשטא- נען, זיך ארומגעוויקלט די פיס מיט שמאטעס, דער שניי איז געווען גרויס און איך בין אוועק צו מיין ברודער. כ׳בין אנגעקומען צו אים, און מיר זענען ווידער געזעסן צוזאמען. די פראנטן זענען שוין געווען נישט ווייט. מען האט שוין געהערט דאס שיסן. מיין ברודער פלעגט ארויסגיין פון גרוב, פלעגט ארויפגיין אויפן בוידעם, כדי צו הערן בעסער ווי מען שיסט און ווי מען נעמט אזוי-ארום נקמה.

איך האב שוין נישט געהאט קיין געדולד ווייטער צום זיצן. מיר האבן געהערט, אז דער פראָנט איז אונטער ראָוונע. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן און געזאגט, וואס ס׳וועט זיין — וועט זיין. איך גיי צוריק אין מיין שטעטל, קיין מערוויץ. איך האב געוווסט, אז נעבן אונז האט געוווינט א גוי, אן אוקראַניעץ, זייער א פיינער מענטש, אנאפרי (זיין פאמיליע געדענק איך נישט). ער האט אויס- באהאלטן 6 מענטשן, א גאנצע משפחה (געפינט זיך איצט אין אמעריקע) — איציק קאזיק, זיין פרוי און 4 קינדער — 2 זין און 2 טעכטער. געווען זענען זיי פון מלינאוו.

דער דאזיקער גוי איז געווען אונזער בעסטער גוטער פריינט. זיינער צייט האט ער מיר געזאגט, אז ער וויל אונז אויסבאהאלטן — מיך מיט דער מאמען און די קינדער. אבער איך האב מורא געהאט פאר זיין זון אלעקסיי, ער זאל אונז קיין שלעכטס נישט טאן.

כ׳בין אוועק צו אנאפרי. ס׳איז געווען ווינטער, א גרויסער שניי. אויפן וועג האב איך געטראפן דייטשע טאנקן. זיי האבן מיך נישט דערקענט. פארטאג בין איך אנגעקומען קיין מערוויץ. א שכן, א באנדעראַוויעץ, האט מיך דערזען און דערקענט. איך בין אריין צו אנאפרי. ס׳האט לאנג נישט געדויערט און ס׳איז אריין דער באנדעראַוויעץ מיך זוכן. ער האט געזאגט, אז ער האט מיך געזען און געפרעגט, ווו איך בין. איך בין געזעסן אין א צווייטן צימער. די גויע האט זיך אנגערופן, אז זי ווייסט פון גארנישט; זי האט מיך נישט געזען.

אונטערן בעט בין איך געווען באהאלטן 2 טעג. די גויים האבן ניט געוווסט, וואס צו טאן מיט מיר, געגעבן עסן און טרינקען. דער פראנט האט זיך אלץ מער דערנענטערט. אויפן דריטן טאג, איז די גויע געקומען מיר זאגן, אז די רוסישע פארטיזאנער זענען שוין דא. די פארטיזאנער זענען אריין צו דעם גוי און האבן געזוכט צי עס געפינען זיך נישט קיין דייטשן באהאלטן. זיי האבן מיך געטראפן

זיצן, האבן זיי געפרעגט ווער איך בין. איך האב געענטפערט, אז כ׳בין אן ארעם ייִדיש קינד. זיי האבן זיך זייער געפרייט מיט מיר און געבעטן איך זאל זיי דערציילן,ווי אזוי איך האב זיך אויסגעבאהאלטן. איך האב זיי דערציילט.

צומארגנס זענען אריין די רוסן. דער פראנט האט זיך געשטעלט אין מערוויץ אין יאנואר 1944. ביי אנאפרין איז איינגעשטאנען דער רוסישער שטאב. אויך פון שטאב האט מען מיר געפרעגט, ווער איך בין. כ׳האב געענטפערט, אז א ייִדיש קינד. אין דעם שטאב איז געווען א רוסישער ייד. ווען דער ייד האט מיך דערזען, האט ער זיך דערפרייט, ווי א טאטע, ווען ער געפינט אפ זיין אייגן קינד. דאס ערשטע איז געווען, אז ער האט מיר געבראכט וואס אנצוטאן און א פאר שיך.

## פראָבלעמען נאָך דער באפרייאונג

ס׳זענען אוועק א פאר וואכן. די מלחמה ביי אונז האט זיך געענדיקט. מיר האבן איצט געדארפן טראכטן וועגן זיך אליין, וועגן דערנערן זיך, וועגן פארדינען. געווען איז שוין נאך שבועות. איך האב זיך דערמאנט אן נדר, וואס כ׳האב געגעבן, אן יאסלס קינד, וואס געפינט זיך אין קיוורעץ, נעבן לוצק, דארף איך אפנעמען; איך האב אבער נישט געוווסט גענוי, ווו דאס איז.

אין מוראוויעץ האב איך געהאט זייער א גוטע שכנטע, א פאלקע, וועלכע האט געוווסט, ווו דאס קינד געפינט זיך. זי האט געזאגט, אז זי וועט פארן מיט מיר אהין. איר שיקסע האט מיר געליען א קליידל און א פאר שיך און מיר זענען אוועקגעפארן קיין קיוורעץ.

די פאלקע האט מיר אנגעוויזן, ווו דאס קינד געפינט זיך. דאס קינד האט געהייסן אביבה. ס׳האט מיר זייער גוט געקענט, דאן איז זי אלט געווען 2 מיט א האלבן יאר, ווען זי פלעגט קומען צו אונז אין שטוב. אבער איצט, ווען איך בין געקומען זי נעמען איז זי שוין אלט געווען דאס פינפטע יאר.

איך בין אריינגעקומען אין דער שטוב, ווו דאס קינד האט זיך געפונען און זיך געפרעגט אויפן קינד. די גויע האט זי אריינגערופן. כ׳האב געפרעגט דעם קינד: ״אביבה, דו דערקענסט מיך?״ — ״איך הייס נישט אביבה, נאר ווישיא.״

דאס קינד האט מיך נישט דעקענט. איך האב מיט זיך געהאט אלס א צייכן אירס א מאנטעלע, וואס איר מוטער האט געקויפט, זייער א שיין מאנטעלע. מיין ברודער האט עס דערקענט ביי א גוי און עס אפגענומען. כ׳האב דעם קינד געוויזן דאס מאנטעלע. דאס קינד האט דערקענט דעם מאנטעלע און אויסגערופן: ״אוי, מיין מאנטעלע!״

דאס קינד איז צוגעפאלן צו מיר. איך האב עס ארומגענומען און אנגעהויבן שרעקלעך צו וויינען. די פאלקע האט געוויינט, קוקנדיק אויף מיר. נאכער האב איך געזאגט דער פאלקע, נאך וואס איך בין געקומען. אזוי ווי איך בין דעם קינדס א משפחה, בין איך געקומען נאכן קינד. אויף דעם האט די פאלקע געענטפערט, אז ווען די מוטער קומט נאכן קינד, וואלט זי עס געגעבן. אבער אזוי ווי איך בין א פרעמדע, וועט זי מיך דאס קינד נישט געבן; אבער אויב איך וועל איר געבן 500 גאלדענע פינפערלעך — וועט זי מיר געבן דאס קינד.

"אבער, ווו זאל איך נעמען?" — האב איך געזאגט — "איך בין אליין נאקעט און באָרוועס. אויב דו ווילסט מיר נישט גלויבן —פרעג מיין שכנטע. אויך דאס קלייד, וואס איך טראג איז נישט מיינס."

זי האט אנגעשטעלט מיטן קינד, און דאס קינד האט מיך גערופן "פארשיווא זשידוווקא" און געשפיגן אויף מיר . . .



מיט גרויסע צרות און מיט שווערע איבערלעבענישן האב איך דאס קינד אפגעראטעוועט און געברענגט עס קיין ישראל.



סאַניא און מענדל טייטלמאַן

# אין אנדענק און טרויער

אני הגבר. איך מיט נאך געציילטע שרידי חרב האבן געהאט דאס אומ־גליקלעכע גליק און דורך א נס פון דער השגחה געבליבן לעבן. ליגט טאקע אויף אונז דער הייליקער חוב צונויפזאמלען די גרויס גייסטיקע ווערטן פון אונזערע קדושים, וועלכע זענען אזוי טראגיש אומגעקומען. מיט זייער אומקום זענען אפגעמעקט געווארן די שענסטע טראדיציעס פון אונזער פאלק. ווי געזאָגט, דאָס דארפן מאכן די בנס איבערגעבליבענע ביים לעבן.

מיט גאלדענע פעדערס דארפן מיר איינשרייבן די שיינע לעבנס מיט אלע זייערע פארבן, אלס וועג־ווייזער פאר אונזער קומענדיקע דורות; זאלן זיי זיך דאס נעמען אלסביישפיל פאר זייער לעבן. מיר האבן זיך נישט צו שעמען מיט זייער ארעם לעבן — ווייל ארעם זענען זיי געווען אין חומר אבער גאנץ רייך אין רוח, און אין מאראלישע ווערטן.

## אין יד־ושם

### פון נ. ד. קאָרמאַן

עס ברענט דער נר־תמיד
וואָס פלאקערט אין הארצן —
ס׳פלאמט דאָ דאָס פייער
וואָס ברענט אונדז אין לייב.
פון נעכטנס פארגאנגענע,
פינצטערע, שווארצע —
זכרון, פארמעק נישט!
פארצייכן, פארשרייב!
פארשרייב דאָ פאר דורות
וואָס וועלן נאָך קומען
באוויינען, באקלאָגן,
דעם אייביקן ייד.
און אפשר וועט עמיצער
קדיש דאָ זאָגן?
און אפשר וועט עמיצער
שרייבן א ליד...

יוחנן וינר
קרית חיים

# י ד ו ש ם

אני, יוחנן וינר, בא להזכיר את זכרם של יקירי: הורי, אבי מנדל ואמי בלה וינר ואחי, שנולד ערב השואה ונקרא חיים, ואת אחי אבי ואחי אמי היקרים, שאין להם מגיד יזכור.

בתור ניצול של עיירת יהודים שותף אני להנצחת יהודי עיירות מלינוב-מרוויץ והסביבה בחבל ווהלין שבפולין, ושותף להוצאת ספר זיכרון ליקירינו, שנהרגו בשואה, שהתחוללה באירופה במאה זו. שורות אלה הנן נר זיכרון לנשמת הורי ואחי וכל יקירי, ומזכרת נצח כתובה זו בספר זכרון זה תהיה עדות נצח לימים הבאים.



המבוגרים אומרים, שהעבר לא נשכח ואולי בגלל שאיבדנו בו חלק כל כך חשוב מחיינו, את כל הילדות והנערות היפות בחיים. ומפני שאותה ילדות היתה כה אכזרית ומרה, עקובת דם ודמעות, זוכרים אנו אותה, אף-על-פי שכל כך רצינו לשכוח הכול.

כפר היה. יהודים חיו בו ובנו לעצמם משפחות. שם חי גם אבי. הוא נולד לבית מאמינים, שקיווה תמיד לטוב והאמין בטוב. כולם חלמו להתבגר במקום, לראות בנים ובני בנים ולמות בשיבה ובנחת. אך הגורל דרש אחרת, ופרצה המלחמה.

מטרתה היתה פיתרון סופי ליהודים. הרע לא הבדיל בין איש. בלילה אחד היו כולם לנרדפים ובבוקר נאספו איש איש וחבילתו הקטנה באותו הסגר. עייפים מרדיפות, פוחדים מהמחר. צפופים ומכונסים בתוך עצמם ומלאי מחשבות מה יוליד יום, מה יהיה עכשיו. האם המשיכה לדאוג לבנים הקטנים, והאב התפלל בכל ליבו לטוב. הכול כמנהגו, הכול כמו תמיד. והסכין עולה ועולה והחגורה מתהדקת על הצואר, ואין מושיע, ואין מציל, ואין מי שיעודד: "חזקו יהודים!" ו"שמע-ישראל" עזר קצת וחיזק את הספקות לגבי הגאולה. וכולם הלכו שורות-שורות למקום הכיליון. ונשאר רק אבי, גחל מאותה משפחה יהודית, שאבדה בתוך כבשני האש. ואנו צור גאולה נולדנו, כדי לא לשכוח. ללמד דורות על

דורות את תולדות ששת המליונים. נגדע ענף מעץ גדול של עם. ובאותו ענף אבדו אבות ואמהות.

והיום באנו להזכיר. תמיד זוכרים ברגע מסויים, בחלום אחד, בדקה ביממה. לא ייתכן לשכוח עבר שלם. הוא חי בתוכנו, ואנו בנים של השואה. עלה בגורלנו להיות המאושרים בבניין המולדת. וכיום, אחרי שנים, חייבים אנו להישבע להמשיך ולזכור ולא לשכוח. אך לחיות. לחיות על מנת שבכל אבן ובית בנוי, בכל עץ ופרח שתול יצעק ויעלה זכרם של האהובים כל כך.

בלהה וינר

בתו של יוחנן וינר בן מנדל ובלה



## עתה

כמה לילות, עמי, כבד־לב ונטול־שנה
עיניתי את נפשי על ספרי חשבונותיך!
רוגזת ופצועה, כבשדה קוצים בחורב,
בין דפי "חובה" צחיחים שירכה שבילה בעצב,
ובין טורי "זכות" מוריקים כרעה דומם ותהגה
אהבה ושנאה גם יחד — —
עתה סגרתי הספרים. חשבונות לא אבקש.
עת ללבך תורם מאכלת פראי־מדבר,
וכל כלב־גוים שוטה בבשרך שיניו יתקע;
בכרסם תפרחתך כל חזיר מיער־עמים,
וכל ענן־אדם עובר על ראשך יבריד איבה —
לעת כזאת, עמי, שוב אין בלבי עליך
כי־אם אהבה!

יצחק למדן

יעקב מוהל
חולון

# מיין איכה

אין יארצייט נאך אייער אומקום האבן מיר אנגעצונדען א יארצייט ליכט נאך אייער הייליקן אנדענק. קוק איך אזוי אויף דעם צאנקענדיקן פלעמעלע פונעם ליכט, און שווערע טרויעריקע מחשבות דריקן דאס הארץ אין טיפן וויי.

כ׳זע אין צאנקענדיקן ליכטל א ווייטן אפשיין פון אייערע לעצטע טעג און שעהן, אין אומגליקליכער גרויליקער ערווארטונג פון דעם וואס מוז קומען, אין אנבליק פון אומפארמיידלעכן סוף. איר שטייט מיר אלע פאר די אויגן, אזויווי איר זענט געשטאנען אין קעלער שטוב, ווו איר האט געהאפט צו באקומען א באהעלטעניש, מיט א שוואכן פונק פון האפנונג פון א פארמשפטן. מיט צעריסענע געדערים פון הונגער, מיט אויגן פולע מיט פחד און שרעק, שוואכע, עלנטע, פארלאזענע פון אלע, אפילו פון גאט, אין וועלכן איר האט אלע אייערע יארן געגלויבט, און פון דער גאנצער ״ציוויליזירטער״ מענטשהייט.

איך זע, ווי דער מערדער שפרייזט אין אייער שטוב; כ׳הער זיין חוזק געלעכטער ווען ער שלעפט אייך ארויס פון גרוב; כ׳זע, ווי ער צווינגט אייך זיך אויסטאן נאקעט. כ׳הער — און ס׳רייסן מיר די אויערן אייערע לעצטע געזעגענונגס ווערטער, געמישט מיט געבעט און געוויין; כ׳זע אייערע לעצטע קאנווולסיעס, כ׳הער אייערע לעצטע גסיסה כארכלען. כ׳הער אויך דאס גרויסע געשריי נאך נקמה, וואס רייסט אלע הימלען, שרייט און מאנט, שרייט און פאדערט — ״ניט פארגעסן!״, ״קיינמאל ניט פארגעסן!״

מאמע, צי קען מען דיך פארגעסן?! אונזער לעצטע געזעגענונג און דיינע ווערטער ״גיי, אבער מיר וועלן זיך שוין מער נישט זעען״ קלינגען אין מיינע אויערן ווי א גרויסער באשולדיקונגס-אקט; איך וואלט דאך געדארפן אויף די הענט דיך ארויסטראגן פון פייער! מאמע, פארוואס איז נישט געשעען קיין נס?! האסטו דען נישט פארדינט זאלסט ווערן געראטעוועט דורך א נס? האסטו דען נישט געווידמעט דיין גאנץ לעבן דעם מענטש? ביסטו דען נישט געווען דער סימבאל פון העכסטער מענטשלעכער עטיק און מאראל? כ׳זע דיך איצט אין לעצטן גרויליקן מאמענט, ווי דו שפרייטסט אויס דיינע מאמעשע הענט און ווילסט, אין דיין טיפן יאוש, פארשטעלן דיינע קינדער פון שונאס קול; דו, די אייביקע מאמע, וואס דיין טרייהייט האט נישט געהאט קיין גרענעץ, וואס דיין רחמנות געפיל האט איבערגעשטיגן אלע אנגענומענע מענטשלעכע נארמעס.

מאמע, כ׳זע דיך אזוי אפט אין פארשידענע געשטאלטן, אבער שטענדיק זע איך דיך אין דער פאזע פון שטוינונג און פארוווּנדערונג. כ׳ווייס: האסט נישט געקענט באנעמען און פארשטיין דעם שרעקלעכן אורטייל, וואס איז ארויסגעטראגן געווארן איבער דיך און דיין פאלק. ס׳האט דיך אפשר מער ווי-געטאן די פראגע "פארוואָס?" ווי די קויל אין הארצן.

טאטע, כ׳זע דיך איצט אין די צווישן-טעג, וואס האבן אפגעטיילט דיין אומקום פונם אומקום פון ווייב און קינדער. ביזט געגאנגען זוכן פאר זיי א שטיקעלע ברויט; ווען ביזט צוריקגעקומען זענען זיי שוין געווען טויט. כ׳זע דיך אנגעבויגן אין צען, א צעבראכענער, נעבן די טויטע קערפערס פון דיין פאמיליע, נישט האבנדיק זאגאר קיין מעגלעכקייט צו ברענגען זיי צו קבר-ישראל. כ׳זע דיך א געיאגטן ווי א חיה דורך די צעווּשעטע באנדעס, א פאר-לוירענער, א רעזיגנירטער.

און ווען נאר כ׳טראכט פון די לעצטע דיינע טעג, קייקלט זיך מיר אונטער א שווערע קנויל אין דער קעל, און ניט וויינען, נאר שרייען ווילט זיך מיר אין שטיקנדיקן ווייטיק. טאטע, ווו איז דיין טלית-ותפילין?... ווו איז דיין קיטל, אין וועלכן דו האסט דיינע טרערן און געבעטן באהאלטן יאר-איין יאר-אויס אין די פארכטיקע טעג פון דין און פארגעבונג?... זו תורה וזו שכרה?!
צי איז דאס דער באצאל פאר דיינע טעג און נעכט פארבראכטע אין באהעפטונג מיט גאט?! צי איז דאס דער באצאל פאר דיין גאנץ לעבן, וואָס איז געבראכט געווארן פאר א קרבן פאר העכערע מענטשלעכע אידעאלן, פאר מענטשלעכן יושר און געטלעכער שיינקייט?!

טאטע, איך בויג טיף מיין קאפ פאר דיין אומבאקאנטן קבר און פארברעך די הענט אין טיפן צער. מיט דיין טלית און קיטל האנדלען ברודיקע מענטשן אויף מארקן און גאסן; די זעלבע, וואס האבן אויף דיר געהויבן די האק. זיי שענדן און חוזקן פון דיינע הייליגטימער און דו ליגסט אין קאלטער און פרעמדער ערד און וואַרטסט נאך אלץ, אז ווער זאל זיך אננעמען דיין קריוודע. און דיין קריוודע איז אזוי גרויס, אזוי הימלשרייענדיק, אז קיינער קען זי ניט פארגיטיקן, קיינער קען זי ניט לינדערן; דאס איז אויך די קריוודע פון דיין פאלק.

כ׳דערמאן דיין נאמען מיט הייליקן ציטער און כ׳שווער ניט פארגעסן דיין מארטירער טויט. אייביק וועט דיין אנדענק בלייבן אין אונזערע הערצער און ווי א לייכט-טורעם וועלן דיינע שיינע מידות דינען ווי א מוסטער פאר די קומענדיקע דורות. און מיט גליענדיקע אותיות וועט דיין נאמען זיין פארשריבן אין פאנטעאָן פון די קדושים וטהורים, שמסרו את נפשם על קידוש השם.

**געשריבן אין 5־טן יארצייט.**

י. מוהל

# א משפחה אומגעקומען

נאך זייענדיק אין אונזער נע-ונד אין אוזבעקיסטאן, עטלעכע חודשים נאכן באפרייען אונזערע געביטן פון די היטלער ארדעס, האבן מיר באקומען א בריוו פון א מערוויצער מיידעלע, שרה נייטער, וואס האט אונז צעטרייסלט. אין גאנג פון די גרויסע וואנדערונגען איז דער בריוו, צום גרויסן באדויערן פארלוירן געגאנגען, אבער יעדעס ווארט אירס האט זיך איינגעקריצט אין זכרון, אז כ׳וועל זיכער נישט פעלשן גארנישט, ווען כ׳וועל איצט איבערגעבן אים נאכאמאל.

„ס׳איז ניט צום באשרייבן די שווערע נויט, פיין און צרות, וואס מיר האבן געהאט אויסצושטייען פון די דייטשן און אוקראינער, זינט זיי זענען אריין קיין מלינאוו. אבער איך וויל אייך בלויז באשרייבן, ווי אזוי ס׳איז אומגעקומען אייער פאמיליע; כ׳בין דערביי געווען אן עדות. פריער מיט א צייט האט מען אונז, יינגע ידישע מיידלעך, געצוואונגען צו ארבעטן אויף די פעלדער פון סמארדעווער גראף. אין די שווערע הערבסט און ווינטער צייט האט מען אונז געטריבן, האלב נאקעטע, נאך אין דער פינסטער צו דער שווערער ארבעט. דורכגייענדיק דעם טייך איקווא האט מען אסך מיידלעך געצוואונגען אריינצוגיין אין דער אייז-קאלטער וואסער און זיך געחוזקט איבער אונז. די ארבעט איז געווען זייער א שווערע, און מ׳האט אונז געשלאגן מיט נאהייקעס פאר וועלן איבער-כאפן דעם אטעם”.

„כ׳האב געארבעט אין דער גרופע ווו ס׳האט געארבעט דיין שוועסטערל בוזעלע. און כ׳געדענק ווי דיין בוזעלע האט אפגעשפארט עטוואס פון די 100 גראם ברויט, וואס יעדער פון אונז האט באקומען פאר 12-13 שעה שטראף-ארבעט, און דאס געטראגן אהיים פאר די שוועסטער און עלטערן, וואס האבן די 100 גראם אויך ניט באקומען. כ׳געדענק ווי מיר פלעגן זיך צונויפקומען אמאל, אין דער נאכט, געהיטן פון א פרעמד אויג, און בוזעלע פלעגט ליינען אירע לידער, וואס זי האט פארפאסט. שווער זיך פארצושטעלן פון וואנען ס׳האט זיך גענומען צו איר אזויפיל כוח און מוט, אין אזעלכע אוממענטשלעכע באדינגונגען, צו שרייבן לידער. אירע לידער זענען געווען צארנדיקע, פולע מיט האס און שנאה צו די דייטשע הענקער און זייערע אוקראינישע געהילפן”.

„אזוי האבן זיך געצויגן ווי שווערער בליי די וואָכן און חדשים ביז מ'איז צוגעטרעטן צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון די נאך פארבליבענע ביסל יידן. יעדער האָט געזוכט מעגלעכקייטן ווי אזוי זיך צו באהאלטן, אָבער די אויסזיכטן זענען געווען נישטיקע. אייער פאטער האט געמאכט א באהעלטעניש אין קיך. ער האט אויסגעשניטן צוויי ברעטער פון דער פאָדלאָגע און זיי צוגעפאסט ס'זאָל ניט זיין קענטיק און האט אונטער זיי ארונטערגעלאזט די גאנצע פאמיליע. ער האט אויך מיך געבעטן כ'זאָל אריין אין אויסגעגראבענעם קעלער, אָבער מיר איז עפעס נישט געפעלן די גאנצע באהעלטעניש. איך האב גאָר באשלאָסן זיך צו באהאלטן אין קוימען גאר פון אויבן; כ'האב אפגעלייגט א ברעטל צווישן די ציגל און זיך ארונטערגעלאזט".



בית מוהל. רבקה, רזל, סעריל, דבורה, חייקה, רייזל, בתיה.

"אזוי בין איך געשטאנענען אין דעם קוימען בערך 3 טעג און 3 נעכט אן עסן און טרינקען, מיט איין העמדל. ס'איז געווען אָקטאָבער, ס'האבן געבלאזן קאלטע ווינטן, ס'האָט געדעגנט — אפטמאל האָב איך פארלוירן דעם באוווסטזיין פון פארמאטערטקייט; כ'האב געפילט, אז ס'קומט שוין דער סוף. אבער אויפן דריטן טאג האב איך דערוואכט פון מיין אומבאוווסטזיניקן צושטאנד, הערנדיק ווי די מערדער האבן זיך ארייגעריסן הילכיק אין אייער דירה. זיי האבן געזוכט אומעטום, געזוכט אויך אין קיך, און כ'האב געהערט, ווי זיי האבן אנטדעקט די באהעלטעניש! כ'האב געהערט ווי מ'האט זיי איינציקווייז ארויסגעשלעפט, ווי מ'האט זיי צוגעשטעלט צו דער וואנט און אלע דערמארדעט. אין מיינע אויערן קלינגען נאך ביז איצט די ווערטער וואס בוזעלע האט געזאגט צו זיי: "איר קענט אונז אויסמארדן, אבער מיינע ברידער וועלן אין אייך נקמה נעמען, אונזער אומשולדיק פארגאסן בלוט וועט אייך ניט געשענקט ווערן, אייער סוף איז שוין גאר נאענט!" ביי די ווערטער האט זיך דערהערט א סאלווע און ס'איז געווארן אזוי שרעקלעך שטיל ארום. כ'ווייס ניט מיט וועלכע כוחות כ'האב צוגעצויגן ביזן אוונט. דערנאך בין איך ארויס פון קוימען און, אדאנק דער פינצטערניש פון דער נאכט, וואס איז נאך דערצו געווען קאלט און רעגנדיק, איז מיר געלונגען ארויס אין די פעלדער. און ווי א געטריבענע חיה בין איך ארומגעלאָפן איבער פעלדער און וועלדער ביז כ'האָב דערלעבט די באפרייאונג".



אט דאס איז דער קורצער סיפור המעשה פון אומקום פון א פאמיליע. מיין פאטער ע"ה איז פונקט ניט געווען אין שטוב ביי זייער אומקום. ער איז ארויס ערגעץ זוכן עפעס צו עסן פאר דער פאמיליע און ווען ער איז צוריקגעקומען זענען שוין אלע געווען טויט. ער איז נאך ארומגעלאפן אן אנזיניקער ביז צומאָרגנס. דאן האבן אים די דייטשן אומגעבראכט ניט ווייט פון דער בוינע, וווּ ר'האט אזויפיל יארן געארבעט.

אזוי איז געקומען דער ביטערער סוף צו דער פאמיליע פון ר' לייזער שוחט פון מלינאוו: מיט אים זיין פרוי חנה-לאה, די טאָכטער בתיה, די טאָכטער ברכה (בוזעלע) און די קליינע צען יאָריקע יענטעלע.

יוסף ליטבק
ירושלים

# בית ליטבק

**אבי, ר׳ מרדכי־מאיר בן ר׳ יעקב־זליג וחנה ליטבק**
**אמי, רבקה־דבורה בת ר׳ יהודה־אריה וליבה למדן**
**— זכרונם לברכה.**

אבי ז״ל נולד בעיירה סלישטש-זוטא (ווהלין) בשנת תרמ״א (1881). את שנות ילדותו ונעוריו בילה בעיר בריסק דליטא, בה שימש אביו, אבי-זקני, כחזן ראשי בבית-הכנסת הגדול בימי כהונתו של הרב הגאון ר׳ חיים סולובייצ׳יק כרבה של עיר זו. למד ב״חדר״ לימודי קודש ושנים מועטות אצל מורה פרטי את השפה הרוסית ועיקרי החשבון. בגיל י״ח עזב את בית-הוריו ויצא לחיים עצמאיים לעיר קיוב. בכוחות עצמו למד הנהלת חשבונות והנדסת בניין ותוך זמן קצר עלה לדרגת מנהל עסקיו של אחד מגדולי הקבלנים היהודיים ברוסיה הצארית.

נוסף על השכלתו המקצועית הרבה ללמוד ולקרוא וקנה לו השכלה יהודית וכללית רחבה ובקיאות בספרויות עברית, אידיש ורוסית. כמו-כן גילה במשך כל ימי חייו התעניינות, ידיעות וחיבה רבה למוסיקה, אשר את יסודותיה למד אצל אביו. ב-1912 נשא את אמי לאשה. לאחר תלאות ונדודים רבים בימי מלחמת האזרחים ברוסיה והפרעות ביהודי אוקראינה התיישב עם משפחתו בעיירה מלינוב ב-1922.

על אף היותו עסוק וטרוד למעלה מראש בדאגות פרנסה, שנמצאה בדוחק רב, גילה פעילות רבה למען צורכי הציבור ובמיוחד בשטח העסקנות הציונית. בשנים הראשונות אחרי מלחמת העולם הראשונה אירגן וניהל בעיירה את פעולות הסעד מטעם קרן העזרה האמריקנית הממשלתית ומטעם הג׳וינט. הקים מטבח להזנת ילדים וחלוקת מיצרכים וניהל את הוועד לעזרת יתומים. לאחר מכן הקים וניהל שלעמלק״פ ״קופת גמילות חסדים״ לעזרת החנוונים ובעלי מלאכה. כמו-כן הקים גם בנק לאותה מטרה, שהחזיק מעמד שנים מעטות בלבד. בשטח הפעילות הציונית ניהל את המשרד הא״י המקומי, שאירגן את עליית החלוצים הראשונים בשנים 1923—1926. שימש כיו״ר קבוע של ועדות הבחירות לקונגרסים הציוניים, היה אחד הפעילים העיקריים בכל פעולה ציונית: הפצת שקלים, קרנות ״תרבות״ וכו׳. ביתו שימש במשך שנים מרכז ובית ועד לפעילים הציוניים במקום.

בתחילת הכיבוש הסובייטי נאסר בעקבות הלשנת ייבסק מקומי. שוחרר אחרי ימים מעטים הודות לתובע צבאי סובייטי, יהודי בעל לב חם, אבל עמד במשך כל זמן שלטון הסובייטים תחת פיקוח הבולשת.

בימי הכיבוש הנאצי נתמנה מזכיר ה"יודענראט" בגיטו. מילא תפקיד כפוי ואומלל זה ביושר, בכבוד ובהגינות. הוכה פעמים מספר בצורה אכזרית ע"י המושל הנאצי על שסירב למלא את תביעותיו-סחיטותיו. מת מות קדושים — יחד עם אמי ז"ל — מידי מרצחים מאנשי המשטרה האוקראינית, בנסותם להימלט מן הגיטו ימים מעטים לפני הטבח הכללי של הקהילה, בסוף חודש תשרי תש"ג (תחילת אוקטובר 1942) ולא נודע מקום קבורתם.

יהיה זכרם ברוך. תנצב"ה.



אמי ז"ל נולדה בעירה מלינוב בשנת תרמ"ט (1889). לא למדה מימיה בבית אולפנא כלשהו ועם זאת שלטה בכמה שפות וקראה הרבה. היתה נאמנה למסורת בית-אביה ויחד עם זאת בעלת השקפות מתקדמות. היתה דמות אידיאלית של אם יהודיה, משכה בעול פרנסת הבית ומסרה את מיטב כוחותיה לטיפול בילדיה ובחינוכם לחיים מוסריים ולהיותם יהודים נאמנים בכל נפשם ומאודם. הצטיינה בחריצותה ובטוב לבה ושימשה דמות מוסרית למופת לילדיה ולכל מי שהכיר אותה. מתה מות קדושים יחד עם אבי.

יהיה זכרה ברוך ותנצב"ה.



# נר זכרון

**לחיה בת ר' חיים יצחק ושרה קיפרגלוז**

חיה ז"ל — נולדה במלינוב בשנת 1919. הצטיינה מילדותה בפיקחותה, בכישרונותיה הרב צדדיים ובחינה הרב. סיימה בית-ספר יסודי פולני ב-1932. בגלל היעדר בי"ס תיכון בעיירת מגוריה לא המשיכה בלימודים פורמליים. הרבתה לקרוא ספרות יפה ומדעית בפולנית, אידיש ועברית. התבלטה בחברה ובנועם הליכותיה.

מגיל 9 היתה חניכת תנועת הנוער "השומר-הצעיר". גילתה פעילות רבה בתנועה בכל השטחים ומילאה בה תפקידים אחראיים עד להתפרקות התנועה עם הכיבוש הסובייטי בספטמבר 1939. בין היתר גילתה גם כישרונות דראמטיים

במשחק ובקריינות ומילאה את התפקיד המרכזי בכל הצגה וחגיגה בתנועה במשך שנים. שאפה וחתרה לעלות ארצה. יציאתה לקיבוץ הכשרה נתעכבה לרגל אסון משפחתי בטבוע אחיה יחידה, בן העשר, בנהר, בקיץ 1938. אחותה המבוגרת ממנה עלתה לפני כן ארצה, והיא לא יכלה להשאיר את הוריה לבדם ביגונם הכבד.

עם הכיבוש הסובייטי היתה נתונה לסבל נפשי רב ולרדיפות קשות יחד עם כל פעילי האירגונים הציונים לשעבר מצד הבולשת הסובייטית בעקבות הלש-נותיהם של הייבסקים המקומיים. על אף הרדיפות הצליחה לקבל משרה ואף עלתה מהר בדרגה.

בימים הראשונים אחרי פלישת הנאצים בסוף יוני 1941 נאסרה יחד עם כעשרים צעירים יהודיים אחרים — מיטב הנוער היהודי במקום — בתור "קומוניסטים". כל בני הקבוצה הוצאו להורג כ-3 ימים אחרי מאסרם לאחר עינויים קשים מצד מעניהם הנאצים ועוזריהם מאנשי המשטרה האוקראינית.

יהא זכרה ברוך ותנצב"ה.

ציון צנוע לזכרה מידיד נעורים

י. ל.

# משפחות שרמן—גוליסוק

שני אחים, יחיאל ועזרא, נשארנו משתי משפחות ענפות: שרמן וגוליסוק (מצד אמא). במשפחתו של אבא היו ארבעה אחים: שלמה, בן-ציון, פייבל ומשה (אבי); ושתי אחיות: שרה-ברכה ומרים — וכל הילדים.

מצד אמא: הסבתא חנה גוליסוק, יוסף מוטיע, שמואל, פסיה, ביקע, צביה, ואטיל (אמי) — וכל הילדים.

כולם נרצחו על-ידי הצוררים הטמאים.

יהי זכרם ברוך.

**יחיאל שרמן**

מענדל טייטלמאן

# מיין אסתר און נחמן ז״ל

ווען איך דערמאן זיך אין מיין ברודער נחמן ז״ל און אין מיין שוועסטער, אסתר ז״ל, צוגייט אין מיר מיין הארץ פון שמערץ און דרוקונג. איך קען זיי נישט פארגעסן נאך מער ווי מיינע ברידער יעקב-יוסף ז״ל און שייע ז״ל און מיין שוועסטער מירל מיט זייערע משפחות און אלע מיינע קרובים און פריינד, וועלכע איך וועל נית פארגעסן. איך ווייס אליין נית פאר וואָס; איך קען דאָס מיט ווערטער נישט אויסדרוקן, אבער אין הארצן פיל איך זיי אסך מער. מעגליך, אז די סיבה דערפון איז, ווייל זיי זענען געווען פון די ערשטע קרבנות פון אונזערע שטעטלעך.

מיין ברודער נחמן, ווי באוווסט, האט געוווינט אין טראוויץ, און האט דארטן זיך קונה-שם געווען מיט זיין חריפות און חכמה, און איז געווען אויך מאטעריעל גוט סיטואירט. אמת איז, דאס אין זיינע קינדער יארן האט קיין גוטס נית געפעלט, ווי אויך מיר אלע זענען געוואקסן אין א רייכער שטוב.

באלד נאך דער ערשטער מלחמה, ווען ער האט חתונה געהאט מיט חנה גאלדמאן ז״ל פון לוצק, האט ער איבערגעלעבט א שרעקלעכן מאמענט מיטן טויט פון זיין פרוי פון א געבורט; דאס האט אים דאן צובראכן פיזיש און גייסטיק, און מיר האבן נית געגלויבט, דאס ער וועט זיך נאך אמאל צוריק אויף די פיס שטעלן. און ווען ער האט זיך פון גרויס יאוש געוואלט לאזן אין דער וועלט ארייַן (קיין ארגענטינע), בין איך געווען דער ערשטער, וועלכער האט אים פון דעם שריט אפגעווענדעט, נישט האבענדיק דערביי קיין שום מיין, נאר עס איז מיר געווען שווער דאס שיידן זיך פון אים. איך האב קינמאל קיין שרעקליכעס פארויס נית געזען. דער סוף פון זיין טראגישן איבערלעבן איז געווען, אז ער האט זיך יאָ צוריק אויפגעשטעלט א וועלט, חתונה געהאט מיט שיינדל אקערמן פון טראוויץ, צוריק אויפגעלעבט, געווען טעטיק אין אלע קולטורעלע געביטן אין טראוויץ, זייענדיק גלייכצייטיק א ציוניסטישער עסקן ביז דער מלחמה אנקום. און מיט דעם אנקום פון די סאוויעטן אין אונזער געגענד דעם 17.9.39, איז, ווי איבעראל געווען דאן, אז אלע עסקנים האבן געמוזט אוועקגיין אין א זייט, און אפווישן די סליאדן פון עסקנות. ער האט,

צוגלייך מיט אנדערע זיינע חברים, זיך גענומען לאנגזאם צופאסן זיך צו דער נייער לאגע, הגם מיט גרויסע שוועריקייטן, ווייל פריער איז ער געווען א פאר-מעגליכער סוחר. פון גלייכשאלטונג און דעגראדאציע רעדט מען שוין ניט; עס האט שוין קיין ארט ניט פארנומען, אבי מען האט געקענט זיצן רוהיק.

ביז ס'איז אנגעקומען די שווארצע כמארע פון די וועלט-מערדער, און מיט דער הילף פון די ארטיקע קריסטליכע שכנים, זענען זיי אין א געוויסן פרייטיק, ח' באב תש״א, ארייין אומגעריכט אין שטעטל, מיט טאנקן און מאשין-געווער, ארומגערינגעלט גאנץ טראוויץ, און ארויסגענומען דעם גרעסטן טייל מענער, און זיי אוועקגעפירט נישט ווייט פון שטעטל, און זיי אלעמען דערשאָסן. דער שווארצער פרייטיק, וועלכער האט דאן פאריתומט כמעט דאס גאנצע שטעטל, האט ניט אויסגעמיטן מיין טייערן ברודער נחמן, אויך ער איז אומגעקומען על לא עול בכפו צוגלייך מיט אלע, וועלכע זענען אין דעם טאג אומגעקומען. איך, ווען איך האב מיר ערשט אין א פאר טעג ארום דערוווסט פון דעם גרויסן אומגליק, האב געטרויערט מיט מיין משפחה כפליים. עס האט מיר ספעציעל געשמערצט, וואס איך בין געווען א גורם אין זיין נישט-ארויספארן אין דער ברייטער וועלט אריין. צו באשרייבן דאס, מיט אלע איינצעלהייטן יעצט, נאך 25 יאר, איז נישט לייכט, אבער פריש איז נאך דער שמערץ אין הארץ.

דאס ענלעכע האט פאסירט מיט מיין שוועסטער אסתר. אין דעם זעלבן פרייטיק פון חורבן טראוויץ איז אויך געווען חורבן אסטראזשעץ. דעם זעלבן פרייטיק האָבן זיי אויך דאָרט געמאכט א טויט-פאגראם איבער כמעט אלע יידישע מענער דארט. מיין שוואגער מאיר גארבער ז״ל, האט זיך גוט פארבאהאלטן און מיין שוועסטער אסתר איז געווען זיכער, אז אלס פרוי וועט איר קיין בייז ניט פאסירן, ווייל קיין פרויען האבן זיי נאך דאן ניט געמארדעט.

און אזוי זענט איר, מיינע טייערע ברידער און שוועסטער, אלס איינע פון די ערשטע קרבנות אוועק געריסן געווארן פון אונז אויף אייביק, אומגעריכט. נישט שבעה געזעסן, נישט קריעה געריסן, און אפילו ניט קיין קדיש געזאגט איבער אייער יונגן אומקום. דו, מיין טייערער ברודער, האָסט פאריתומט א פרוי און משפחה, און דו, מיין טייערע שוועסטער, האסט פאריתומ-ט א מאן מיט 3 טייערע קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שיינקייט און חכמה. און ווען עס קומט מיר ארויף א טרויער אין הארצן, אויף אלע אונזערע קדושים, איז דאס ליכטיקע געשטאלט אייערס שטייט מיר דאס ערשטע פאר די אויגן.

רחל גבעון (שפובניק)
**גבעת ברנר**

# לזיכרון

כשעזבתי את הורי ואת אחי לוי ואת מלינוב, ידעתי, שאני משאירה את הורי בסיבלם... ומצב כלכלי קשה עד מאוד. במוחי התרוצצו כל מיני מחשבות ושום דבר לא היה ברור ובטוח. לא ידעתי אם אוכל לעזור למשפחתי ואם אראה אותם עוד.

רק דבר אחד היה לי ברור: אני עוזבת ועולה ארצה; לקיבוץ ולהגשמה.

הרעיון והדרך, שחינכה התנועה לקראתם מתגשמים, ובליבי היתה תקווה, תקווה גדולה, שאחי לוי יעלה לארץ בקרוב וביחד נוכל לעזור להורים.



וזוכרת אני איך הבטחת לי, שתעשה הכול, שתוכל לעלות ארצה וביחד גם נוכל להעלות את ההורים. הרבה תקוות היו לנו יחד, אחי.

כה רציתי לראות אותך אחי...

הרי רק מקרה הוא שנפרדנו — ושנצלתי רק אני.



כן אני זוכרת את בתיה מהל, בעת שנפרדתי ממנה. הראשונה באה לביתנו לעזור ולעודד. אהבתי מאוד לשוחח אתה, כי היה לה, לבתיה, הבנה ויחס אנושי לכל אחד מאתנו, ומי שהיה בקרבתה ידע את מהות אישיותה.

חיה מוזס־פישר
קבוצת כינרת

# משפחתי

אני חיה מוזס, בתם של מאיר וטויבע פישר.

עליתי ארצה בשנת 1946, וחיה בקבוצת כינרת. הנני אחת הניצולות של השואה הגדולה. איני יודעת, כיצד קרה הנס — הרי באותם הימים היו הרבה יהודים למודי ניסיון; ולא הצליחו להימלט מציפורני הרוצח הגרמני ועוזריהם האוקראינים.

באותו זמן הייתי ילדה בת 14.



היינו משפחה גדולה עם ילדים, וכל ילד מצא מקומו על ספסל הלימודים. בבוקר בבית-הספר הפולני ואחר-הצהריים אצל אסתר המלמדת (ה"מעלאמעד-קע") ; כך קראוה בעיירה. היא לימדה אותנו עברית. בכלל, בביתנו היתה אווירה לימודית.

לאווירה זו גרם אבי עליו השלום. אמי מתה עלינו בהיותי עדיין ילדה קטנה, ואחות אמי, דודתי דבורה, היא שגידלה אותנו וגם את ילדיה היא. אבי היה אדם מתקדם ואהוב על הבריות. היה בעל אופי נפלא, תמיד מוכן לעזור לזולת, תמיד חיוך על פניו כשהסיגריה בפיו...

פזמון, אשר תמיד שמענוהו מפי אבא, היה: "כשילדי יגדלו, לא אשלח אותם אחד-אחד לארץ-ישראל — אנחנו נעלה כמשפחה שלמה". ועוד מילים של אבא נחרתו בזיכרוני, ביום עזבי את הבית בתקופת השואה: "אם תישארי בחיים, זכרי, שאת מבית יהודי".



כשנתפסתי ע"י המשטרה האוקראינית חקרו אותי חקירת שתי-וערב אם יהודייה אני. היתה זו חקירה קשה מאוד. היה שם גם שוטר אוקראיני אחד, שעבד פעם בטחנתנו... הוא הציע לחבריו השוטרים, כי הוא יחקור אותי ביחידות, ואם יגיע למסקנה, כי אכן יהודייה אני — הוא יירה בי במו ידיו. כאשר נכנסתי אתו לחדר מיוחד הוא פנה אלי: "עמדי על שלך (כלומר, שאת נוצרייה). אין להם כל הוכחות. אך אל תחזרי למקומך הקודם, כי יבואו לחקור שם; עקרי מהמקום ההוא...".

אותו "צדיק" עצמו חיסל את משפחת וורצל, אם כי עבד גם אצלם.

ואלה שמות יקירי, אשר נרצחו בידי הרוצחים הנאצים והאוקראינים:

מאיר, אבי; דבורה, דודתי; שמואל, צבי, פרומה, שלמה, משה, חנוך, אפרים.

זכיתי לעלות ארצה ולהקים בה משפחה. יש לנו שני בנים ובת. יקראו הם וידעו מה עשה לנו עמלק.

הולצהקר בילה
**נגבה**

# לזכר יקירי —
# הורי אחי ואחיותי

היה זה בספטמבר 1939. ערב ראש-השנה. כל היהודים התכוננו ללכת לבית-הכנסת — ובאו להודיע לנו לעזוב את העיירה. באותו יום שררה אנדרלמוסיה גמורה. ברחנו לכפרים מבלי לקחת דבר כלשהו, וכעבור ימים מספר חזרנו, כי הרוסים נכנסו לעיירה, ובמהרה נהפכה עיירתנו למקום מקלט למאות רבים. ברחובות העיר ניתן היה לשמוע, נוסף על יידיש — פולנית, רוסית וכדומה. אפשר היה להכיר את הפליטים לפי שיחם ושיגם. מכל קצות הארץ באו המוני יהודים, צעירים ומבוגרים, אדוקים וחופשיים. המטרה המשותפת היתה להמשיך לחיות. היהודים, שבאו למלינוב, ראו בה מקלט זמני עד יעבור זעם. אנשים אשר איבדו את הקרקע מתחת לרגליהם ובנשור מהם כל ביטחון עצמי נהפכו לפליטים לא רק בעיני אחרים, אלא גם בעיני עצמם...



וכמה זיכרונות וחוויות-נעורים קשורים בעיירה הזאת, בה חלפו מיטב שנות ילדותנו. נזכור את כל יהודי העיירה עמוסי סבל, אנשי עבודה, שהיו טורחים כל ימות השבוע, נאבקים קשה על פרנסתם על מנת ליהנות בבוא השבת משלווה ואהבה. נזכור את נופה של עיירתנו, את יערותיה, את השוק הרחב, את הסימטאות הצרות, בהן טיילנו לילות ארוכים מקצה אל קצה; נזכור את הנוער התוסס. אולם אין הלב נותן מרגוע ומנוחה, כשנזכרים בכל היקר. הורים, אחים, אחיות, סבא, דודים, דודות, בני דודים.

אבא ואמא טובי לב ורגשניים. השקט, השלווה, והאהבה שלהם לילדים. נזכרת: בעידן הסובייטים בעיירה נכנסו לביתנו ודרשו את המפתחות של חנותנו. בידים רועדות מסר אבא הכול. וכשיצאו נשאר אבא עצוב ומודאג ואמר: ״איך אפרנס את 12 הילדים שלי?״ והוסיף: ״טוב, שצפורה בארץ ישראל״.

ומאותו יום התחילו הצרות והסבל. תיכף גייסו את נחמן ואברהם לצבא האדום. אחי הבכור דוד התחיל לחפש עבודה, ועבד בתור פקיד; גם אחותי מרים עבדה בתור פקידה. בתעודת זהות של אבא רשמו מס׳ 11 — והלואי והיו שולחים אותו לסיביר, אולי מי מהם היה נשאר בחיים. ברם, אבא שילם הרבה כסף ונשאר במלינוב ונקבר במלינוב. ואלי אמר: ״לך יש אפשרויות

לברוח, עשי הכול; מה שתלוי בי אשתדל". לא מעט סבל גרמתי להורי, לאחי ואחיותי. לא פעם נאלצתי לברוח דרך החלון באמצע הלילה בשלג, כי לא הייתי אזרחית. ובאותו יום שקיבלתי את הידיעה לבוא לרובנה, כדי לקבל את האישור לעלות, אבא נסע אתי. יום שלם הייתי בחקירה ואבא הסתובב בחוץ. לא ניתן לשכוח את האהבה והמסירות של ההורים.

היינו 12 ילדים. ההורים, אחותי המבוגרת טייבל, בעלה ברוך, ובנם סומה, מרים, בתיה ליובה-לה — נקברו יחד בקבר האחים במלינוב. אחי אברהם ומנשה נפלו בצבא האדום. אחי חנא — חבר שלו מבית-הספר הרג אותו בגלל, שהמגפיים של אחי מצאו חן בעיניו. אחי המבוגר דוד נפל ביערות, ואחי הקטן הינוכל עבר כל שבעת מדורי הגיהנום; לא פעם נאבק עם מר המוות והתגבר; נדודים, מחנות גירוש, קפריסין. נפל בנגבה ביום ט"ז תש"ח, 25 במאי 1948.

ואם גם עמוק הכאב מנשוא הוא לא ירפה לב; הוא יחשל מנוף להמשך חיים ויצירה.



ואלה דבריו של מנחם ק., שהספיד את חנוך, אחי, בנפלו בנגבה:

מי היה בעצם חנוך, ההכרנוהו כראוי? איך התייחסנו אליו? חנוך, חנוך, רק תמול-שלשום באת. בנגבה הצטרפת אלינו, נתחבבת עלינו. רכשת לך חברים, ידידים טובים. רצית למחות אחת ולתמיד את עברך; לשכוח את היערות באוקראינה, את המחבואים בין הנוצרים, את המחנות על אדמת גרמניה הטמאה. לשכוח את קפריסין על השיעמום והניוון שבה. להתחיל חיים חדשים אתנו, בתוכנו. התחלת להתהלך בקומה זקופה. לעבוד בנגרייה האהובה עליך. ללמוד כל מה שהחסרת בשנות המלחמה. שמחת, שהנך קרוב לאחיותיך, יחד אתן במשק אחד. באיזו התלהבות נסעת לנגב לבנות נקודה חדשה. ובניר-עם, כאשר בנינו את בית-החולים, אהבת את העבודה, לעשות הכול, אפילו מה שאינך יודע. צדקת חנוך. היית בחור מוכשר, בעל רצון חזק. רצית ללמוד הרבה בזמן מועט בכוחו-תיך אתה. גם לחלל בחליל למדת. הנגינה משכה אותך. ואיך רקדת! ביישת את כל הבחורים. היית נוח להתלוצץ, והיית אך שמח ועליז. איכה אשכחך, חנוך יקר! אני הנני ממכריך הוותיקים ביותר. מאז גרמניה, כאשר נזדמנו יחד בפעולה תנועתית, ועד יומך האחרון — הייתי מלא הערצה אליך. לפעמים ראיתיך כשיאוש ורגש-נחיתות משמשים בך בערבוביה. אך חיש מהר נמס מעטה היאוש על ידי מילה מבודחת ראשונה. כזה, הנך עולה בזכרוני, חנוך יקר! האם לא אזכה להדביק יחד אתך לוחות ודיקטים, לשחק כדורעף, לשיר, להתלוצץ? האמנם עלי להאמין, שהפגז פגע בך, כשידך לוחצת על הברן — האמנם?...

יוסף תומר
**רמת-גן**

# על מזבח המולדת

חנוך בן יעקב ורציה הולצהקר, מצעירי ניצולי השואה במלינוב היה. בן זקונים לאחת המשפחות המסועפות ומרובות הילדים שבעיירה.

לאחר השחרור מעול הנאצים החלו להתלקט למלינוב שרידי הניצולים ואף הוא ביניהם. בהיותו בודד הסתופף בצל משפחתנו בעת שהותנו במלינוב.

דרכינו נפרדו עם צאתנו ממלינוב בדרך ארצה. חנוך המשיך עם קבוצת ילדים דרך פולין וגרמניה ואילו דרכנו עברה דרך מחנות הפליטים שבאוסטריה.

אחרי נפתולי דרך ארוכים נפגשנו שוב ובאקראי, והפעם על אוניית מעפילים בדרכנו ארצה. חנוך היה מאושר על כי סוף-סוף יזכה, להתגשמות חלומו, להצטרף אל שרידי משפחתו, אחיותיו, בקיבוץ נגבה.

אכן, חנוך זכה להגיע לאחיותיו לפני פרוץ מלחמת השחרור, אך האושר לא נמשך זמן רב: הוא לקח חבל בהגנת נגבה, שעמדה בגבורה במלחמת השחרור, ושם נפל.

יהא זכרו ברוך.

בלה הלוי (מבית פישר)
**תל-יוסף**

# לזיכרון

כאשר אני עוצמת עיני, רואה אני את כולם: את הורי היקרים, את אחי ואחיותי, את הדודים ואת בני-הדודים, שכנים טובים ואת העיירה כולה. כל אלה עומדים לפני חיים...

היה זה ב-2 בפברואר 1936, בעלותי ארצה. נפרדתי בתקווה גדולה, שאזכה לראותם בארץ, אבל הם לא זכו לבוא אלינו ולחיות במדינת ישראל.

שעה 7 בבוקר. שלג חזק יורד. יצאתי בעגלה ממלינוב לדובנה, לתחנת הרכבת. קשה לתאר, כיצד הצטופפו אנשים מכל הצדדים לתת את ברכת

הפרידה.

ליוו אותי אבא ובנימין ז"ל. אמא ויתר בני הבית נשארו בפתח הבית, בלי להוציא הגה. רק הסבתא אמרה: "אני מקנא בך, את צעירה ואת נוסעת לארץ-ישראל. האזכה גם אני לראות את ארץ הקודש?"

אמנה את אלה שלא זכו: אבי היקר שמעון פישר, אמי טובה; אחי צבי, בנימין ושמואל; אחיותי אסתר ובריינדלה, וסבתא, מצד אמי, פסיה גיז.

אזכיר משפחת גרטניק, קרובינו היו. ישעיהו ופריל — ובניהם: משה, רחל, פייגה, מרים ויעקב. וכן אחיו של ישעיהו, יצחק. בניהם: משה, הרשל ומרים.

אזכיר את פייגה מרגוליס עם חיים ניישטיין. פייגה היתה כישרונית מאוד במשחק ובזמר.

לעולם לא נשכחם.

מרים פישר
חיפה

# לזכר משפחה

בשנת 1936 עליתי ארצה, נפרדתי מהמשפחה היקרה שלי — אבא, אמא, סבתא, אחים ואחיות. נפרדתי מכל הקרובים והמכירים. את הפרידה מההורים ומיתר בני משפחה לא אשכח, חלום וגם תקווה היו, שכעבור זמן נוכל להביא את המשפחה, וכולנו נהיה ביחד.

עם החלום הזה חייתי שלוש שנים עד שפרצה המלחמה. בהתחלה היתה נחמה, שהסביבה שלנו לא נפלה לידי הגרמנים, אבל, כידוע, ב-1941 ניתק הכול, הרוצחים הגרמנים כבשו, בין היתר, את הסביבה שלנו. ידענו שצרות גדולות מחכות לאחינו היהודים, אבל לא יכולנו להעלות על דעתנו שירצחו את כולם. לדאבון לבנו השלינו את עצמנו. חיינו באשליות עד גמר המלחמה, ואז נודעה לנו האמת הנוראה.

בביתנו היו שתים עשרה נפשות — נשארה בחיים רק אחותי רחל. הכאב הגדול מלווה אותנו בחיינו ודלה שפתנו להביע את רגשותינו.

אני מזכירה את שמות יקירינו שנרצחו בידי הרוצחים הגרמנים בעזרת האוקראינים:

אבא — שמעון; אמא — טאובה; סבתא — פסיה; אחי — צבי, רעייתו רבקה, ממשפחת גולצהקר, שתי ילדות קטנות, חיהשה ופרידה; אחי — בנימין; אחי — שמואל; אחותי — אסתר; אחותי — בריינדעלע.

אחרי השחרור התחלתי לחפש את אחותי רחל, שנשארה בחיים. היא כבר אז היתה רחוקה ממלינוב ואני החלפתי בינתיים את מקום מגורי. עד שסוף-סוף קיבלתי ממנה מכתב.



אבא מאוד אהב חקלאות, בעיקר אהב לטפל בעצי פרי. במקום מגורינו היה נוטע שתילים והיה מטפל בהם בהצלחה. בשנים הראשונות לבואי ארצה הייתי במשק חקלאי בעל מטעי פרי רבים. היה לי חלום, שאבי יבוא ארצה ויוכל להתמסר לעצי-פרי. אך לא זכינו להביא אותם. הם לא זכו למה שאנחנו זכינו: לחזות במפלת הגרמנים, ובתקומת מדינת-ישראל.



אזכור את דודי מאיר, אחי אבי, עם משפחתו. בת אחת נשארה בחיים, כעת בקבוצת כינרת. את אחות אבי, דודתי סלווי, שנרצחה בידי הגרמנים. בעלה נפל במלחמת העולם הראשונה. בנה היחיד נשאר בחיים, הצטרף לצבא הרוסי; נמצא בארץ, בכפר חסידים.

היתה משפחה, קרובים שלנו מצד אמי, משפחת גרטניק, שאף אחד מהם לא נשאר בחיים:

האם: פרל; הבנות: רחל, נשואה עם משפחתה; פייגה, עם משפחתה; מייקה: גם היא, כנראה, נשואה היתה. הבנים: משה עם משפחתו; יעקב.

אבי המשפחה נפטר לפני המלחמה.

טובה ורמן
**רמת-גן**

# לזכר מניין יהודים בפרמילובקה

בסביבת מלינוב מצוי היה הכפר פרמילובקה — כפר מולדתי ומגורי — ובו מניין יהודים, ותו-לא. ואף כי היה המרחק מקהילת מלינוב לכפרנו כ-15 ק"מ שררו בו — במניין יהודיה, שגרו בין הגויים — חיים יהודים תוססים מאוד. קומץ הילדים של שתי המשפחות, שהתגוררו בכפר, למדו בביה"ס במלינוב הקרובה, ומניין זה כולו של יהודי הכפר היה קשור בכל נימי נפשו ביהודי מלינוב. בקרב המעט הזה של יהודי הכפר התבלטה במיוחד משפחת גרינשפון בהכנסת האורחים הלבבית והביתית לכל יהודי, שהזדמן להתארח בכפר. ביחוד היו באים מכרים וקרובי משפחה רבים להתארח תחת קורת גג של משפחה זו בימי הקיץ. עד עצם ימים אלה מזכירים אנשים שונים, הנמצאים כיום ברחבי ישראל, את הימים והלילות הברוכים והנעימים שבילו בקרב משפחה זו בחיק הטבע של הכפר ובאווירה החמה והאימהית. רצוי לציין במיוחד, כי בחגים ובמועדי ישראל היו מתאספים יהודי הכפרים הסמוכים בבית ר' יואל-לייב גרינשפון ורעיתו רחל ז"ל, כדי להתפלל ולשפוך ליבם לפני בורא העולם. בעל הקורא היה בעל הבית עצמו והוא דאג להזמין בעל-תפילה, שיעבור לפני התיבה, ממלינוב הקרובה. וביחוד ייזכר לטוב בעל-התפילה ר' אליעזר מוהל ז"ל — יהודי ירא שמים ויירא חטא ואף תלמיד חכם וגדול בתורה. מדי פעם בפעם היו מופיעים בכפר יהודים מקבצי נדבות, וביניהם משפחות שלמות, מהמחוז הקרוב. רובם ביקרו בבית משפחת גרינשפון, שהיתה מקבלת אותם בסבר פנים יפות, מאכילתם לשובע, ואף מילאה אמתחתם צידה לדרך ובגדים ואף נידבות כסף לא חסכה מהם.



רבים הזיכרונות מאותם הימים הרחוקים מהכפר ומביתנו, אולם עמוק בזיכרוני נחרת מקרה נורא ומזעזע מאוד, שקרה בליל יום הכפורים — בעת תפילת "כל-נדרי" בביתנו — עם פרוץ המלחמה בין פולין וגרמניה בשנת 1939.

היה זה ליל סתיו סוער, גשמי זעף ירדו לסירוגין. לפתע — כאשר כולם היו שקועים בתפילה הקדושה ביום הקדוש — הבריק מבעד לחלונות אור עצום ומסנוור. לרגע נדמה היה, כי כל הסביבה עולה באש להבות. ופתאום צצו על

רקע ים הלהבות הללו צללים של דמויות כפופות ורטובות מגשם. עד מהרה הגיעו והתקרבו לבית. תפילת "כל נדרי" הופסקה, ועיני כל המתפללים הופנו לעבר הבאים — יהודים ממלינוב, מדובנה ומעוד עיירות סמוכות.

בשורה מחרידה היתה בפי אותם היהודים: "הנאצים-הגרמנים הציתו את הכפר בוסקביץ" — כפר הנמצא במרחק 7 ק"מ מכפרנו. אנדרלמוסיה וחרדה השתררה בין כל המתפללים למראה היהודים המבוהלים ולשמע הבשורה שבפיהם, ורובם פרצו בבכי מר. אולם בעל הבית, ר' יואל-לייב, לא איבד עשתונותיו וניסה להרגיע את הרוחות. קולו הדהד בצעקה: "שקט יהודים, המשיכו בתפילה — והקדוש ברוך הוא, בזכות יום הכפורים, יצילנו מידי הרוצחים". ואמנם, דבריו של ר' לייב, שיצאו מעומק הלב, השקיטו את הרוחות והתפילה נמשכה עד תום.

בגמר התפילה החלו הבנות של בעל הבית, רבקה, עליה השלום, וכן הצעירה בבנות, גיטלה, שתיבדל לחיים ארוכים, להכין את הבית לקליטת הפליטים הרצוצים. חדרים רבים היו לבית, ולכל משפחה הוקצב חדר מיוחד ולבודדים מצאו מקום בעליית הגג של הגורן, מקום בו אוחסן המספוא. פרשו סדינים וכלי מיטה — וכולם נרדמו מרוב עייפות.

עם עלות השחר השתרר שקט באיזור ואז נתברר, כי מספר הפליטים שהגיעו עלה על שלושים נפש. אולם חרדה אחזה בלב הפליטים ובני הבית — הגרמנים עלולים להגיע לביתנו וחו"ש ישמידו את כולנו. אך בעל הבית, ר' יואל-לייב, הרגיע שוב את הפליטים וקרא לנאספים לשמור על קור-רוח ולהאמין, כי אלוהים ישמרנו מכל רע. רובם של הפליטים התגוררו בבית הורי למעלה משבועיים. האח הבכור וכן אברהם ורבקה מוהל ארזו את צרורותיהם ונעו לעבר הגבול הרוסי; בתיה מץ נסעה לז'ורנוב, כפר שנמצא במרחק כ-20 ק"מ מפרמילובקה; שם התגוררה בת-שבע אחותי עה"ש. אחדים מהצעירים עזבו את ביתנו וחזרו לבתיהם והקשישים נותרו בביתנו עד יעבור הזעם.

כעבור ימים מספר נשמע במרחק כמה קילומטרים טירטור טנקים של הצבא האדום — ומיד פשטה השמועה, כי הרוסים הגיעו לכפרנו. השכנים הפולנים והאוקראינים, האנטישמים הידועים לשמצה, היו נבוכים מאוד למראה החיילים הרוסים, שהיו שנואים בדרך כלל עליהם. שכנים אלה החלו לנהור לאבי, שהיה מקובל עליהם מאוד על אף יהדותו, לשאול שאלתם — "הבאו הרוסים להשמידנו אם להצילנו?" — — —

יהא זה נר-זיכרון לקהילה הקטנטונת של כמה יהודים בלבד בין השאר מיליוני יהודי פולין, שהיו ואינם עוד — — —

דבורה מוהל־יארניצקי
**נתניה**

# א באלאדע פון א בוים

פון רעכטס — די גמינע,
פון לינקס — יוסל־מאירס מיל ;
הויבן זיך אן לאנקעס גרינע,
מיט געלע בלימעלעך פיל.

ביז דעם פאמיאטניק ארויף א בארג
שאסיי פון גרויסע, שפיציקע שטיינער ;
דאס איז דער מליניאוו־מערוויץ וועג —
ס׳געדענקט אים פון אונז יעדער איינער.

און נאכדעם א גלייכער וועג ;
פון רעכטס — ר׳שטייט נאך איצט פאר די אויגן —
דער אלטער בוים, מיט צוויי גרויסע צווייגן,
ווי הענט צום הימל אויסגעצויגן...

א לעגענדע האבן מיר, קינדער, וועגן בוים געהערט,
אז א צדיק, א גרויסער, איז אומגעקומען דאָרט
און האט פארן טויט הענט צום הימל אויפגעהויבן —
און מ׳האט אים מקבר געווען אויפן דאָזיקן ארט.

און מ׳האט דערציילט : א נס איז געשען —
דער בוים איז געוואקסן, דעם צדיק נישט פארגעסן.
איך האב אין דעם זייער, נאיוו־קינדעריש געגלויבט,
און קוקן אויפן בוים האט מיך קיינמאל נישט דערעסן.

עס וואכן אויף אין מיין זכרון
זארגלאזע, גליקלעכע, זומערדיקע טעג,
פון אט יענע צייטן, פון קינדער יאָרן,
אין שאטן פונם אלטן בוים אויף מערוויץ וועג.

ווען כ׳בין מיט חברטעס מיינע אין פעלדער געגאנגען,
(פייגעלע גרינבערג, זכרונה לברכה, ליבסטע פון אסך)
צעשטראלטע, גליקלעכע צווישן גין־גאלדענע זאנגען —
געקליבן בלויענקע בלומעלעך און רויטן מאק.

און ווען מיד זענען מיר געווארן און פארשוויצט,
האבן מיר רו אין זיין שאטן געפונען,
אמאל אויך פון פלוצימדיקן רעגן געשיצט
אונטער צווייגן פון אלטן פריינט, בוים, אנגעקומען.



אויפן וועג מלינאוו־מערוויץ
זענען געגראבן געווארן די גריבער,
אנטקעגן אלטן פריינט, דעם בוים,
לעבעדיקערהייט באגראבן טאטע־מאמע, ברידער.

און דו, בוים, וואס קענסטו דערציילן, אלטער,
פון יענעם וויסטן טאג, דעם שווארצן ?
דאך נישט געשטאנען גלייכגילטיק־קאלטער
ווען מערדער געמארדן אן הארצן...

דו, עדות איינציקער, דאך אלץ געהערט, געזעען
ווי מען פירט אומגליקלעכע צום טויט ;
האסט געהערט זייערע יאושדיקע וויי־געשרייען
און געזעען זייער בלוט — רויטער ווי רויט.

דו האסט געזעען דעם לעצטן געראנגל
פון לעבנס, בלוטיק־יינגע, פול מיט ליבע,
פון שנעל־געווארענע גרייז־גרויע זקנים,
פון טאטעס און מאמעס, צעבראָכענע, מידע.

צי האסטו פארבראכן דיינע צווייגן־הענט
אין גרויסן צער ? — —
צי האבן דיינע געל־גרינע בלעטער־אויגן געברענט
אדער געקוקט — ווי זייער טויט — שטאר ?...

צי האט זייער "שמע־ישראל" דיין חבר־שטורם
געטראגן אין אלע עקן וועלט —
מזרח, מערב, צפון, דרום —
און זיך ביים וועמען אפגעשטעלט ?

צי האבן איינגעשלונגען זייער ווילדן צארן,
אין יענע וויסטע תשרי טעג,
די גין־גאלדענע פעלדער, ווייץ און קארן,
פוןביידע זייטן מלינאוו־מערוויץ וועג ?

✶

מיין אלטער יוגנט פריינט, זע,
איך קען אפילו אויף זייער קבר נישט קומען
נישט אויסגיסן מיין צארן און וויי
נישט ברענגען אויף שטיין זייער בלומען.

זאלן־זשע פייגל אויף דיינע צווייגן קדיש זאגן
און זיי דו, פריינט, שומר איבער הייליקן אָרט ;
זאָל אסיענדיקער ווינט דיינע גאָלדענע בלעטער טראָגן
באצירן ברידער־גרוב פון מלינאָוו־מערוויץ מאָרד.



בעבודת שדה אצל חווטקה ביאלקאווסקי.

**ואלה שמות אחינו בני ישראל במלינוב־מרוויץ ובסביבתן, בהן הושמדו על־ידי קלגסי הצורר ועל־ידי עוזריהם, בשואת מלחמת העולם השנייה, אנשים, נשים וטף. זכרם לא ימוש מאתנו לנצח:**




לוח זיכרון לקהילות הקדושים בבית כנסת בחיפה.

# רשימת קדושי מלינוב

**הרב גורדון** ר' יהודה, חנציה הרבנית. ברכה, חיה, דבורה. (הרשיל, משה וטובה בארה"ב).

**אייזנברג** אברהם, חיה שרה רעיתו.

**אינגבר** דוד, רחל רעיתו; ילדיהם: בתיה ונחומקה.

**איסקביץ** אליעזר, פיגה רעיתו; ילדים: שלמה (נעדר אחרי קרבות סטלינגרד), שינדל, רייזיל (זכו ובנם משה בישראל).

**איסקביץ** נטע ובתו זלטה, ניספו בלוצק. (הבת שרה בישראל, הבן אביגדור בקנדה.

**אפשטיין** מכאל, בלומה רעיתו ומשפחתו.

**ברעוודא** יעקב, יליד בארנוביץ, לאה רעיתו לבית מאניס זוטלמן; ילדים: סאני, יונה וראובן.

**בלינדר** בריל, גיטל, ישעיהו, דבורה, ריבה, איטה, אפרים (זכו לבת בישראל — מרים).

**בורטניק** יצחק, בת־שבע רעיתו; דוד ושרה.

**ברגר** טוביה, מרים רעיתו, רייזיל (זכו ובנם פנחס בישראל ובתם ליזה בברזיל).

**ברגר** צבי, רעיתו חיה; בת בילה, בן נטע בער, בן יוסף.

**ברגר** שרגא (פייביל), מאטיל רעיתו. בתיה בתם.

**ברגר** זאב בר' נטע־בער, גולדה רעיתו, חנה בתם. (זכו ובנם אהרן ובתם שושנה בישראל; ישראל קלמן ושאול — בארה"ב וברוסיה).

**ברגר** חיים.

**ברמן** מאיר, אטיל רעיתו ובנם אברהם (רופא שיניים).

**בלינדר** דוד, רעיתו ברנדל.

**בורשטיין** שמואל, לאה'קה רעיתו מכפר פרמילובקה.

**ברונשטיין** ברכה, בת ר' משה אהרן.

**ברנר** פסח, שרה רעיתו; הרש־בר, יוקל, מנחם, מלכה.

**בר** צבי, שרה רעיתו; ניסל, דבורה, בתיה.

**בר** שמואל, רעיתו חיה.

**גוליסוק** חנה, אלמנה, בת צביה, בן שמואל, יוסף, מוטיה, בוקה, פסיה.
**גולצהקר** חציל מברמלי.
**גולצהקר** יעקב; רציה רעייתו, דוד, אברהם, מנשה, חנא, מינדל, בתיה, ליבע, חנוך. (זכו ובנם נחמן ובנותיהם בלה וצפורה בישראל).
**גולצהקר** ריסל בת ר' יואל, אלמנת פנחס הולצהקר; טובה בתה, אברהם בנה.
**גולצהקר** קלמן, דינה רעיתו.
**גולצהקר** יעקב בן ר' הרש, רחל רעיתו; אברהם, בתיה, וצביה.
**גולצהקר** אברהם בן אייזיק, רעיתו.
**גולצהקר** ישראל בן אייזיק, רעיתו.
**גולצהקר** יונה־ראובן, רעיתו.
**גולצהקר** משה, בן ר' יואל, ליובה רעיתו, מיוצאי דובנא רבתי; בת בתיה, אחות חיה, מרדכי (הבן יואל ברוסיה).
**גולצהקר** יהושע בן ר' משה נחמנ'ס, סימה רעיתו; אברהם, בתיה, נחמן לבית גלברג יוסף (פנחס בנם חי ברוסיה).
**גולצהקר** נחום, העניה רעיתו בת ר' נחמן מדוברטין; נחמן, יעקב, אברהם, פייגה, פיניה (רפאל בנם באמריקה).
**גולצהקר** בן־ציון, אסתר־מניה רעיתו, מבית ר' פסח פלדמן מבורימיל; פסח נהרג בצבא הרוסי. אברהם, רבקה.
**גולצהקר** אייזיק, פריל רעיתו בת ר' איצי שוחט ז"ל; אבא בנם.
**גולצהקר** משה, בן ר' יעקב, טובה רעיתו, מבית ר' ראובן אוסטריוור. יונה־ראובן, חיה־בילה, רבקה, גננדל, פסיה (זכו ובניהם אברהם ויעקב בישראל).
**גולצהקר** יהושע, בן יעקב, טובה רעיתו. אברהם, רבקה, וברכה. (זכו ובתם פסי בישראל).
**גולצהקר** ר' משה נחמנ'ס.

**גיטלמן** משה, רעיתו סל, יהודית, **בתם.**

**גלברג** יצחק, חוה רעיתו לבית קוושוק ממיזוץ; בניהם מאיר וטובה.

**גלברג** גרשון, ביילה אשתו, מבית ר׳ משה נחמנ׳ס הולצהקר; יצחק, פנחם, אברהם, אסתר.

**גלברג** יוסף, שרה דבורה רעיתו, אחותה לאה, נכדם מאיר (נצר למשפחה זו בישראל: נכד יצחק בן אברהם).

**גלמן** אברהם, מחלה רעיתו, בת ר׳ ראובן מאוסטריעוו ז״ל.

**גלמן** ר׳ פסח, שו״ב וסופר סת״מ, בן ר׳ איצי השוחט ז״ל.

**גלפרין** ברוך, טובה רעיתו.

**גלפרין** ישראל, רבקה רעיתו, בת ר׳ מרדכי מאיר שרנצל; חייקה, אלקה, בתיה, אברהם (בנם ליפא נפטר בישראל).

**גלפרין** ציופה, אלמנת יוסף הלפרין; דוב חתנה, האדי רעיתו. רוזי. (בנימין ברוסיה, שאול בארה״ב).

**גלר** אשר, רחל רעיתו, בתו מכלה, בתו אסתר.

**גלר** משה, חיה רעיתו.

**גלר** משה, רעיתו רוסיא, בנו זאב, בנו מכאל.

**גלר** רבינוביץ מניה, גלר רבינובי גיטעל (אחיהם בריל רבינוביץ בישראל).

**גלר** חיים רבינוביץ, דבורה רעיתו; שלמה בן זיסל בת.

**גנצמן** ר׳ דוד שו״ב, מלכה רעיתו; יעקב, ומני.

**גרובר** טובה ובנה העניך וגיסתה פרידה.

**גרובר** שמואל, טשרני רעיתו והבנים: שמעון, ישראל.

**גרטניך** משה, בן ר׳ יצחק, ורעיתו (שו״ב בדימידובקה).

**גרטניך** משה, בן ר׳ מרדכי שמואל ז״ל, שרה רעיתו, בת ר׳ מרדכי־מאיר שרנצל ז״ל; שמואל פייגה (בנם בישראל, קופצי).

**גרטניך** יצחק (יצחק דער גלייזער), תהילה רעיתו ילידת טרוביץ; בנם משה, שו״ב בדמידובקה, וצבי.

**גרטניך** ישעיהו, בן ר׳ מרדכי שמואל ז״ל, פריל רעיתו; משה בנם ומשפחתו נספה בטרוכנברוד; רחל נספתה במיזוץ׳ (נימרובר); פייגה, מייקה.

**גרינצווייג** זיסיה, רבקה רעיתו.

**גרינג** נעכא, בת ר' יוסל שרגא קריצר הכהן ; צבי.

**גרין** אברהם, קוצקע רחל רעיתו, בת ר' משה מלמד ומשפחתם.

**גרין** דבורה, אשת ר' לייב גרין ; בניהם : הרשל, לייביש.

**גרין** בן־ציון, זלאטה רעיתו ; בן אריה ומשפחתו.

**גרינשפאן** אבא, פסיה רעיתו ; משה ויעקב.

**גרינשפאן** בן־ציון, דינה רעיתו ; אליעזר, בנימין, משה ומרים.

**גרינשפאן** יעקב, מישקה רעיתו, ומשפחתה.

**גרינשפאן** גיסיה אלמנת ר' משה ממרביץ בת נחמקה.

**הופשטיין** פסח.

**העשיס** יצחק, הציל רעיתו ; פנינה, אליהו.

**הלמן** ליבה ומשפחתה ; בת מניס זוטלמן.

**הרבסמן** הרשיל, בן ר' משה מלמד, שרה רעיתו ; ביילה, ליבה, יוסיל, ישראל.

**וואלך** משה, בן ר' נתן הכהן, ורעיתו ; לאהקה אמם, צביה, מנוחה.

**וואלך** דוד, בן ר' נתן הכהן, ורעיתו.

**ווייצר** עלקה, איטה בתם, נחמה בתם (בתם פוליה ובנם אליהו בישראל).

**וויינשטוק** זיניה, רוזה רעיתו ; האם סוניה, אשת ר' משה אפטייקער ממלינוב (בתם דינה בישראל).

**ווינוקור** ביילה לבית סליבקה מורקוביץ, אלמנה רוב שנותיה, חשוכת ילדים ; הושמדה בעיר ורבה ע"י דובנא.

**וויינר** אברהמ'קה, מחסידי סטולין ; בודד היה.

**וויינר** אשר (אשר דער קרימער), בתיה רעיתו.

**וויינר** ברכה, אשת ר' איצי חנה בריינדילס (בן ובת, חנה ויהודה, ומשפחותיהם עלו מרוסיה לישראל).

**וויינר** יעקב (מהכפר אוזיניץ) בריינדיל רעיתו ; אברהם ופייגה (בנם סאני בישראלי).

**ווייספלד** חנה, בניהם אליהו ופריל (בנם מאיר בארה"ב).
**וורצל** יוסף בן ר' זליג אוליניק ממרביץ, רחל רעיתו, בת ר' חיים ברגר; מרדכי, זליג, גדליהו, יעקב.
**זאזולי** אליהו, רעיתו ומשפחתו.
**זייד** יעקב ורעיתו.
**זידר** זלמן, רעיתו זלדה; בניהם זליג ואברהם־אהרון.
**זידר** משה, פרידה רעיתו (ממרביץ); אברהם, זליג בניהם.
**חיים** יודעל ורעיתו.
**אהרן אשר** מחסידי סטולין, (חייט), בת־שבע רעיתו; פריל, בעלה יצחק, גולדה, בתיה ופייגה בנותיהם.
**חינקס** צבי־זאב, אסתר רעיתו (המילדת) מטרוביץ בנם שאול, התגורר בברמיל.
**חכמן** לייב, רעיתו ומשפחתו.
**טייטלבוים** בנימין, רבקה רעיתו לבית חינקס; יצחק בנם וסילקה בתם.
**טייטלבוים** יוסף, האדיל רעיתו; חיים בנם, סילקה בתם (בנם זאב בישראל.
**טייטלמן** פישל ושלמה (שני בני נחום ורחל טייטלמן, החיים בארץ).
**טייטלמן** ר' אנשיל מחסידי טריסק; זלדה רעיתו; אשר בנם (זכו ובנם משה הסופר בישראל).
**טילימזייגער** עזרא, חנה רעיתו; חיים.
**טילימזייגער** ישעיהו ורעיתו.
**טסלר** יצחק, בן יעקב, רעיתו; אחותם בלימה.
**טסלר** יעקב, בלומה רעיתו; פרץ, הינדה ויצחק.
**ינובר** משה ורעיתו רייזיה.
**יצחק**, חתנו של ר' משה נחמנ'ס, צביה רעיתו.
**כ"ץ** אברהם, רעיתו פסיה, בת חנה־גרשון, ובנם יעקב.
**כ"ץ** זנוויל, ברכה רעיתו; בניהם צבי, אריה, משה, אברהם ורעיותיהם.
**כץ** שמואל.
**ליברמן** אייזיק, עטיל רעיתו ובנם רפאל.
**ליברמן** יחזקאל, דאבה רעיתו; רחל בתם (בנם הרשיל בקנדה).

**ליברמן** מרדכי, ברכה רעיתו; אשר, אידל, רבקה, מרים, חיה.
**ליטוק** מרדכי, רעיתו ריבה, בת ר' יהודה לייב למדן ז"ל (בנם יוסף ובתם פפה בישראל).
**לומר** מנדל.
**לרנר** פריל.
**מאירזון** אבא, פסיה רעיתו ובתם.
**מארער** שלמה, בוזיה רעיתו לבית זכריהו.
**מוהל** ר' אליעזר, שו"ב דמתא, חנה־לאה רעיתו (מבית קשקט מלוצק), בתיה, בוזיה, ינטה (בניהם יודל, יעקב, דבורה וחיה בישראל).
**מוטשניק** שמואל ורעיתו.
**מנדלקרן** רבקה, מנדלקרן משה, מנדלקרן שושנה (בניהם פסח, אליהו, פייגה ויהודית, בישראל).
**מנדלקרן** חייקה, ינטה ואייזיק.
**מנדלקרן** נחמה, פייריל ומשה (בניהם שמואל ויצחק בישראל; יוסף נפטר בישראל; גם לפייריל בן בישראל, גרשון).
**מסינגר** אליעזר, מלכה רעיתו; דוד וחנוך (הבנים שמואל וקופל בארה"ב).
**מרין** בן־ציון (בעל תפילה דמתא), מרים רעיתו, סריל בתם (בנם ברוך־יצחק באמריקה).
**נודל** פסח, רעיתו זימל; בת שרה ומשפחתה; בת פריידה.
**נודלר** חייקל (חייקל דער שניידער), בת־שבע רעיתו; אברהם, יעקב, עלקה ופייגה.
**נודלר** מתתיהו, חייקה רעיתו לבית מנדלקרן ומשפחתם מנדל, פייגה.
**נייטר** שרה (משה ורעיתו חיים ברוסיה); חיים גיסו ורעיתו.
**ניפומישצ'י** יעקב, מלכה רעיתו, בת ר' פישל טייטלמן; אשר הבן, חיה הבת.
**נקונצ'ניק** גרשון, השקה־נחמה רעיתו; רפאל בנם, גולדה וחיה.
**נקונצ'ניק** שלמה, אסתר רעיתו (מטרוביץ, אחותה בישראל); יעקב, יצחק, רבקה.

